# אַזראַעל

## אַ טראַגעדי

פון

לעאָן קופּערמאַן



PUBLISHED BY

RUDOLF RASKIN

142-46-48 Worth Street, New York

## פערזאָנען:

אזראעל, אַ יונגער סקולפּטאָר.

מרים, זיין שוועסטער — אַ בלינדע.

שרה, זיין מוהמע פון פאָטער'ס זייט — אַן אלמנה.

לאה, איהר טאָכטער.

מרדכי, זיין פעטער פון פאָטער'ס זייט, א לעהרער — אַ קריפּעל.

אלפרעד, זיין פריינד — אַ מאַהלער.

מאקס מילער, אַ רייכער סוחר.

רעבעקא, זיין פרוי.

אמאליא, זייער טאָכטער.

יאָזעף, זייער זוהן — אַ יונגער דיכטער.

צייט — געגענוואַרט.

אָרט — אַ גרויסע שטאָדט.

ווערטהער ה' קופערמאַן!

איך האָב מיט עסטעטישער הנאה געלעזען אייער דראמא, און עס פרעהט מיך ווירקליך, וואָס דיזעס ערשטעס ווערק אייערע אויף דיזען פעלד האָט גע־פונען א פערלעגער און וועט געדרוקט זיין.

איך האַלט ניט פון דער אַלטער מאָדע, פון הסכמות פאר ליטעראַרישע ווערקע, הגם אונטער די אומשטענדען, אין וועלכע מיר געפינען זיך, פיהלט זיך די נויטיגקייט, אז דער שרייבער, וועלכער האָט שוין א שטיקעל נאָמען, זאָל פאָרשטעלען די אָנפאַנגער פאר'ן פובליקום. דאָס איז נויטיג ניט אלס א הסכמה, נור פשוט אלס געבען א געלעגענהייט דעם יונגען אָנפאַנגער דורכ־צושלאָגען זיך א וועג צום לעזענדען פובליקום. עס איז מאַנכעסמאָל זאָגאר א חיוב דאָס צו טהאָן, וואָרום עס איז דאָך אזוי שווער פאר א שרייבער, וועל־כער האָט זיך נאָך ניט ערוואָרבען קיין נאָמען אין דער ליטעראַטור, צו געפי־נען א פערלעגער, וועלכער זאָל זיינם א ווערק ארויסגעבען. אין דער אידיש־ליטעראַרישער וועלט, און בפרט נאָך ביי אונז אין אמעריקא, איז דאָס אפילו פאר דעם שרייבער מיט א נאָמען ניט קיין גרינגע זאַך, ווארום אונזער ליטע־ראַטור ווי דער פערלאַגס־וועזען פון דער אידישער ליטעראַטור, איז דאָך נאָך ערשט אין די קינדער־שיכלעך.

עס פרעהט מיך דאָרום בעזונדער וואָס עס האָט זיך געפונען א פערלע־גער פאר אייער ווערק, און איך האָף, אז דאָס בעסערע לעזענדע פובליקום וועט אייער דראמא אָבשעצען נאָכ'ן ווערטה. עס איז פון א לעבען און פון א קרייז, וועלכע זיינען דעם אידען נאָך אזוי ווייניג בעקאַנט און וועלכע פעה־לען אזוי דעם אידישען פאָלק. דאָס אידישע פאָלק האָט ניט געהאַט קיין מאַהלעריי, און קיין סקולפּטור, און די געדאַנקען, געפיהלען, עמפפינדונגען

און שטימונגען פונ׳ם קינסטלער זיינען נאָך איהם אזוי פרעמד (גאַנץ עגאָל אויב אַ משוגענער אָדער קלאָהרער קינסטלער, ווארום וועלכער קינסטלער איז דאָס ניט מקצת משוגע?) — עס וועט דארום דעם לעזער שיינען, אז דאָס זיינען שילדערונגען פרעמדע, בפרט אז אין זיי האָט איהר אויסגעמיידעט לאָקאַלע און סאָציאַלע פארבען און מען בעקומט מעהר דעם איינדרוק פון צייט, ניט האָבענדיג קיין איינדרוק פון פּלאַץ, וואו די שילדערונגען קומען פאָר.

און טאַקע מחמת דעם בעגרים איך דיעזעס ווערק אַלס אַן אָנהויב אויסצוברייטערען דעם האָריזאָנט פאר דעם אידישען לעזער, עפענען פאר איהם נייע וועלטען, מיט וועלכע ער איז נאָך אזוי ווייניג, כמעט גאָר ניט בעקאַנט.

מיט וואָס פאר אַן אָבשעצונג די קריטיק זאָל ניט בעווירדיגען אייער ערשטלינג; זי קאָן זיך דאָס רעכענען פאר מעהר געלונגען אָדער ווענינגער געלונגען; עס איז אָבער ביי מיר קיין ספק ניט, אז זי וועט עס בעטראַכטען אַלס אַ פערזוך צו שאַפען אַ פראָדוקט פון קונסט, און וואָס נאָך וויכטיגער, פון ריינער קונסט אָהן ביליגע עפעקטען.

אייער

מ. קאַטץ.

## אנשטאט א פאָררעדע.

ווען איך האָב, מיט א יאָהר צוריק, איבערגעלייענט די פאָרליגענדע דראמא פאר איינעם פון אונזערע גדולים, האָט ער מיך, א ביסעל איבער־ראשט, געפרעגט ווי עס קומט, וואָס ער האָט פון מיר צופאָר ווענינ געהערט, און זעהר זעלטען בעגעגענט מיין נאָמען אין צייטונגען און זשורנאלען, און פלוצים א דראמא!

— ווי קומט עס וואָס איהר האָט ניט געשריעבען קיין סקיצען? — האָט ער מיך א פרעג געטהאָן.

איך האָב איהם, אונגעפעהר, פאָלגענדעס ערקלעהרט:

— אונזער ליטעראטור איז א סקיצענהאפטע, זי בעשטעהט כמעט אויסשליסליך פון סקיצען און ליעדער. אויפ'ן געביעט פון דער דיכט־קונסט האָבען מיר דערגרייכט א, מעהר אָדער ווענינער, הויכע שטופע, מיר האָבען שוין פאָעטען מיט וועלכע אויך אַנדערע ליטעראטורען וואָלטען שטאָלצירט, אויף דעם פראָזא געביעט, אָבער, שטעהען מיר אויף דער זעלבער שטופע וואָס מיט פופצעהן, צוואנציג יאָהר צוריק. ביי דעם בעסטען ווילען קען מען צוגעבען אז די פאָרם האָט זיך אביסעל פערבעסערט.

וואָס אונז פעהלט איז דער ראָמאן.

איך מיין ניט דעם ראָמאן מיט וועלכען די פרעסע שטאָפּט דעם לעזער, נאָר דעם ל י ט ע ר א ר י ש ע ן ראָמאן, דער ראָמאן וועלכער פערנעהמט דעם אויבענאָן אין דער אַלגעמיינער ליטעראַרישער וועלט. אונז פעהלט אויך די ריינע ליטעראַרישע דראמא. א דראמא וועלכע זאָל ניט זיין אָבהענגיג פון דעם טהעאטער דירעקטאָר, ווענעס אינטערעס עס איז צו געבען דעם

עולם פּיעסען, לויט זיינעם, דעם עולם'ס אונענטוויקעלטען געשמאַק, און מעג די דראַמאַ זיין אַ ריין ליטעראַרישע מוז אין איהר אַריינגעגעבען ווערען ביליגע, אָדער קיצעלדיגע עפעקטען, וועלכע שטערען די ענטוויקלונג פון דער דראַמאַ צו אַן אמת'ן ליטעראַרישען ווערטה. אין קורצען, אונז פעהלט די דראַמאַ וועלכע זאָל קענען געהן אין דרוק און זיין אינטערעסאַנט, אַן און פאַר זיך, אַלס לעזע־שטאָף, ווי דער פאַל איז ביי אַלע אַנדערע פעלקער.

איך מיין ניט צו זאָגען אַז די ערצעהלונג אָדער סקיצע זיינען אונגע־וואונשען, חס וחלילה, נאָר איך בין איבערצייגט אַז דורך דער אינהאַלטס־רייכקייט פון דעם ראָמאַן, אָדער גוטע דראַמאַ, וועט דער ערצעהלער אָדער סקיצען־שרייבער, דער ווירקליך טאַלענטירטער, זעלבסטפערשטענדליך, זיין געצוואונגען עטוואָס צו זאָגען, דער אינהאַלט פון דער ערצעהלונג אָדער סקיצע וועט מוזען זיין אַ רייכערער, טיעפזיניגערער, מיט אַ ברייטערען האָריזאָנט. אַזוי ווי אַ ראָמאַן מוז אין זיך ענטהאַלטען שילדערונג, האַנדלונג ווי אויך שטודיען פון דער מענשליכער נשמה, אַזוי וועט אויך דער ערצעהלונג־שרייבער דאָס זעלבע דאַרפען טהאָן, הגם אין אַ קורצער פאָרמע.

דאָס זעלבע מיט דער דראַמאַ. עס וועט ניט זיין גענוג צו שרייבען שטאַרקע ראָלען און האַרצברעכענדע מאָמענטען, נאָר אינערליכער זעעלען־קאַמפּף; דער ראָמאַן, ערצעהלער און דראַמען־שרייבער וועט מוזען עטוואָס זאָגען, בעקאַנט מאַכען די וועלט מיט זיינע אַנשויאונגען און צייגען בילדער און זייטען פון לעבען, וועלכע אָבוואָהל קאָנקרעטע, זיינען זיי דאָך פערבאָרגען פאַר דעם געוועהנליכען אויג, ווי אויך אַבסטראַקטע זייטען פון דעם מענשליכען לעבען, דאָס הייסט די נשמה זייט.

* * *

איך ערלויב זיך צו בעהויפּטען, אַז כמעט קיין איינציגער פון אונזערע דראַמען שרייבער (איך מיין נאַטירליך די בעסערע) האָט ניט אָנגעשריבען אַ דראַמאַ ניט אין זינען האָבענדיג דעם דירעקטאָר, דאָס הייסט די קאַסע,

(אי עס געלינגט איהם ניט אָנצופילען די קאסע, איז ער דאָך ניט שולדיג), דעם געוויסען אקטיאָר אָדער אקטריסע, וועלכער אָדער וועלכען די ראָלע וועט פּאסען, און דאָס פּובליקום, און דאָס שטערט זיכער דעם שרייבער צו שאַפען עטוואָס גוטעס און ריין ליטעראַרישעס.

יא, מיין ליעבער הערר, איך האָף אז עס איז שוין געקומען די צייט ווען דער דראמאטורג וועט, אונגעאכטעט אויף די לוינען פון די טהעאטער דירעקטאָרען, קענען גאנץ רוהיג און געוויסענהאפט שאַפען א דראמא וועלכע וועט, אויב ניט דירעקט אויף דער ביהנע, קענען געהן אין דרוק, ווי ביי אלע אומות העולם, און דערמיט וועט די אידישע ליטעראטור ארייגעהן אין א נייער עפּאָכע: די ענטוויקלונג פון דעם ראָמאן און דראמא.

אויב מיין פאָרליעגענדע דראמא איז בערעכטיגט צו זיין אן אָנפאנג פון אזא נייער ווענדונג אין אונזער ליטעראטור, דאָס בלייבט, נאטירליך, פאר די קריטיקער צו ענטשיידען.

יעדענפאלס, שיינט מיר, אז איך האָב מיין פליכט געוויסענהאפט ערפילט.

ל. ק.

# ערשטער אקט

(א ז ר א ע ל'ס ארבייטס־צימער. א גרויס פענסטער אין הינטערגרונד, דורך וועלכען די זון שיינט אריין גאנץ העל. מעהרערע סטאטועז, טהייל געענדיגטע, טהייל ניט־געענדיגטע שטעהען אין פערשיעדענע זייטען פון צימער. מעהרערע גיפסענע מאסקען און בילדער הענגען אויף די ווענט. א טהיר לינקס און איינע רעכטס. א קאנאפע לינקס, צוויי ביינקלעך רעכטס. אלעס איז אין ווילדער אונ־ארדנונג. דורך דעם פענסטער זעהט מען א שעהנעם גארטען.)

א ז ר א ע ל (אין א לאנגען ווייסען כאלאט, ליעגט אויף דער קאנאפע, דויכערט א ליולקע און בעטראכט די סטאטוע וואס ער האלט אין מיטען דער ארבייט. נאך א קורצער פויזע שפרינגט ער האסטיג ארונטער און הייבט אן ארבייטען מיט אימפעט. זיין האלטונג איז א זעהר נערוועזע און איז שטארק פערטיעפט).

מ ר י ם (ערשיינט פון לינקס, טאפענדיג דעם וועג, האלט א בריעף אין האנד). גוט מארגען, אזראעל. (ער הערט ניט. העכער) גוט מארגען, אזראעל.

א ז ר א ע ל (קוקט זיך אום): א, דו ביזט עס? גוט מארגען, ליעבע שוועסטער. (זעצט זי אויף דער קאנאפע).

מ ר י ם: איך האב א בריעף פאר דיר, אזראעל. (גיט איהם דעם בריעף). דער אלטער דיענער פון די מילער'ס האט איהם געבראכט.

א ז ר א ע ל (מורמעלט אויפרייסענדיג דעם בריעף): דער אלטער נאר. (לייענט איהם שנעל דורך, גיט א לייכטען זיפץ.)

מ ר י ם (בעזארגט): א שלעכטע בשורה? גיב מיר דיין האנד, ווי זי ציטערט און איז אזוי קאלט....

אזראעל: ס'איז גאָר ניט, מרים. (אַפּאַרט) איהר איז איהם אײנ־געפאַלען דעם בריעף צו געבען.

מרים: דער בריעף איז פון איהר?

אזראעל (איבערראַשט): פון וועמען, פון איהר?

מרים: מײנסט אז איך ווײס ניט?

אזראעל: וואָס ווײסטו?

מרים: פארוואָס ווילסטו דיך פאַר מיר בעהאַלטען? מײנסטו אז איך זעה ניט, איז שוין פאַר מיר אַלעס א סוד?

אזראעל (זעצט זיך נעבען איהר, נעהמט צערטליך איהר קאָפּ אין די הענד אַרײן): קינד! (קושט זי אויפ'ן שטערן).

מרים: וואָרום עפענסטו ניט דײן הארץ פאר מיר, פאר דער אײנ־ציגער וואָס קען דיך בעסער פיהלען און פערשטעהן ווי יעדער אנדערער? („קוקט" איהם אָן) זאָג מיר, ערצעהל מיר, איך בין זיכער, אז מײנס א וואָרט קען דיך טרײסטען. איז דען ניט א טרײסט־וואָרט וואָס קומט פון הארצען, ווי א קיהל הײל־מיטעל צו א ברענענדער וואונד?

אזראעל (שטיל): יא, ליעבע שוועסטער. (מען הערט קלינגען). איך געה זעהן ווער דאָס איז (אב).

מרים (אַלײן): אָרימער אזראַעל. (לאָזט אראָפּ דעם קאָפּ).

אזראעל (קומט צוריק מיט אַלפרעד): מרים, אַלפרעד איז דאָ.

אלפרעד (נעהמט מרים'ס האַנד): גוט מאָרגען, פרײלײן.

מרים: גוט מאָרגען, הערר לעווין.

אלפרעד: ווידער „הערר לעווין?" אלפרעד איז גענוג. (לעגט אָפּ הוט או האַנדשוה).

מרים (הויבט זיך אויף): איך געה אין מײן צימער, אזראעל, צום ווידערזעהען, הערר אַלפרעד.

אלפרעד: צום ווידערזעהען, פרײלײן.

(אַזראַעל פיהרט מרים'ען אַרײן אין צימער לינקס, קומט באַלד צוריק. אַלפרעד זעצט זיך אויף אַ בײנקעל, פערראויכערט אַ ציגאַרעט).

א ז ר א ע ל : ווי געהט עס דיר, אַלפרעד? (זעצט זיך אויף דער קאַ־נאַפּע, פערדרויכערט אַ ליולקע).

א ל פ ר ע ד (פרעהלאַך) : זעהר גוט, ליעבער פריינד. דו ווייסט דאָך, דאָס בילד וואָס איך האָב קאָפּיערט נאָך מורילאָ? איך האָב עס נעכטען פערקויפט און געגומען גאַנצע צוויי טויזענד.

א ז ר א ע ל : הם... זאָג נאָר, עטוואָס אָריגינעלעס האָסטו געשאַפען די לעצטע צייט?

א ל פ ר ע ד : דו מיט דיין איביגען „אָ ר י ג י נ ע ל ע ס"! וואָס ווייסען זיי דערפון? גיב זיי אירגענד וועלכע גוטע קאָפּיע פון אַ מייסטער, וועלען זיי דיך לויבען ביז אין הימעל אריין און דיר גוט בעצאָהלען.

א ז ר א ע ל : ווי מערקווירדיג די מענשען זיינען, ווי זיי שרעקען זיך פאַר עטוואָס נייעס. איך דענק, ווי אונגעלונגען עטוואָס נייעס זאָל ניט זיין, איז עס דאָך בעסער ווי די בעסטע קאָפּיע, דאָס נייע איז אַ שריט פאָר־ווערטס. (ענדערט דעם טאָן). זאָג נאָר, אַלפרעד, ביזטו לעצטענס געווען ביי די מילער'ס?

א ל פ ר ע ד : יא, נעכטען אבענד. מיך וואונדערט וואָס מען האָט דיך ניט איינגעלאַדען.

א ז ר א ע ל (פערוואונדערט) : מיך?

א ל פ ר ע ד : עבען דיך, פון וועמען מען רעדט אזוי פיעל, וועגען דיין קונסטפאָלער ארבייט, דיין —

א ז ר א ע ל : ווער רעדט דאָרט אזוי פון מיר? הערר מילער געוויס ניט.

א ל פ ר ע ד : וואָס פערשטעהט דער עזעל פון קונסט! אָבער פריילײן אַמאַליא (אַזראַעל הויבט זיך אויף) איז פון דיר ווירקליך ענטציקט, און יאָזעף, זיין גאַנצער פלאַם־פייערדיגער גייסט ווערט אויפגעברויזט, ווען ער רעדט פון דיר און פון דיין ארבייט.

א ז ר א ע ל (וועלכער איז אַרומגעגאַנגען איבער'ן צימער, בלייבט שטעהן) : אזוי, דאָס פריילײן רעדט פון מיר? ע... ווייסט, אַלפרעד, איך האָב נעכטען

געלעזען יאָזעף'ס לעצט געדיכט, לויט מיין מיינונג שטעהט איהם פאַר א גלענ־צענדע צוקונפט אין דער וועלט־ליטעראטור, ער איז גאַנץ אָריגינעל, ג א נ ץ אָ ר י ג י נ ע ל.

א ל פ ר ע ד: אזראעל, ווייסטו וואָס מיר איז שוין מעהרערע מאָל איינגעפאלען?

א ז ר א ע ל: צו ווערען א צווייטער קאָרעדזשיאָ געווים.

א ל פ ר ע ד: האָ, האָ, אזא פאנטאסט בין איך נאָך ניט.

א ז ר א ע ל: מיט דער צייט, ווען דו וועסט אָנהויבען שאפען אָריגי־נעלעס. אלזאָ, וואָס איז דיר איינגעפאלען? (זעצט זיך).

א ל פ ר ע ד: אז פריילין א מ א ל י א וואָלט געווען א פראכטפאָל מאָ־דעל פאר א סטאטוע.

א ז ר א ע ל: אמת. זי איז שעהן, האָט א פראכטפאָלע פיגור, אינטע־רעסאנטע געזיכטסציגע, אָבער עס איז ניט מיין זשאַנר.

א ל פ ר ע ד (בעטראַכטענדיג די סטאַטוע וואָס אַזראַעל האלט אין מיטען דער אַרבייט, ציהט מיט די אַקסעל): וויעדער א רעטעניש! וואָס מיינסטו דאָ פאָר־צושטעלען?

א ז ר א ע ל: א פ א ר א ד א ק ס. (צערשטרייט). פריילין אמאליא איז שעהן, רייצענד, פערגעס אָבער ניט אז אונטער דער רייצפאָלער מאסקע לאכט דער גרויזאם שפּאָטענדער סקעלעט.

א ל פ ר ע ד: די שעהנהייט געהער דעם קינסטלער.

א ז ר א ע ל: שעהנהייט, עסטעטיק, א פעררָאסטעטער בעגריף....

א ל פ ר ע ד: וואָס הייסט? און די עסטעטישע געזעצע?

א ז ר א ע ל: נישטאָ קיין געזעץ אין דער קונסט! איבערהויפּט בייטען זיך די בעגריפע לויט די אומשטענדען. אלפרעד, פערגעס ניט אין וואָס פאר א צייטען מיר לעבען היינט. אלעס ארום אונז איז איינגעהילט אין טרויער —

א ל פ ר ע ד: ביזט דאָך גאָר א פעסימיסט, א שאָפּענהויער.

א ז ר א ע ל: גלויב מיר, מען דאַרף ניט לעזען קיין פילאָזאָפי אז אין

מח זאָל אָנהויבען מישען און טרויריג ווערען אויף'ן הארצען. (צייגט איהם די האָר). זעה, איך ווער גרוי, געעלטערט פאר דער צייט —

א ל פ ר ע ד: איך זעה אין דעם ניט קיין אורזאך צו זיין א פעסימיסט.

א ז ר א ע ל: אָבער ווארום ווערן מיר יונג גרוי, וועהרענד גרויקייט איז א צייכען פון עלטער?

א ל פ ר ע ד: אמת. איז דען ניט מעגליך, אז מיר ווערען גרוי דער־פאר, ווייל אונזערע האָרוואורצלען הויבען אָן דעגענערירען?

א ז ר א ע ל: אָט דאָס איז די אורזאך, מיר ווערען געבוירען דעגענע־רירטע, מיר ווערען געבוירען אלט, מיר זיינען האלב געשטאָרבענע נאָך איי־דער ריכטיג געבוירענע.

א ל פ ר ע ד: דו קוקסט אויף דער וועלט דורך א געדיכטען שלייער, אזראעל.

א ז ר א ע ל: אָ, דער געדיכטער שלייער! דאָס זיינען די אויסערליכע און אינערליכע ליידען, מיט וועלכע מיר זיינען ארומגערינגעלט פון אונזער פריהעסטער יוגענד. (צערשטרייט). די מוזיק קלינגט טרויריג, דער דיכטער שרייבט קלאָג־ליעדער, און דער מאהלער שאפט בילדער, נ א ט ו ר־ט ר י י ע, וועלכע קענען בלויז ערוועקן מיטלייד און ארויסרייסען טרערען. און פער־געס ניט, ליעבער פריינד, די קינסטלער זיינען ניט קיין טהעאָרעטיקער, זיי דריי־קען אויס דאָס, וואָס זיי זעהען און פיהלען, אין זייער נשמה שפיגלען זיך אָפּ די פריידען אָדער ליידען פון דער מענשהייט. בעטראכט די היינטיגע קונסט און דו וועסט פאר זיך דערזעהען א ים מיט ליידען און טרויער. און אָנ־שטאָט צו פּראָדוצירען געזיכטער, וועלכע קענען ב ל ו י ז מיטלייד ערוועקען, ארבייט איך שוין בעסער סקעלעטען, וועלכע, ווי עס שיינט, לאכען מיט שפּאָט פון דער גאנצער וועלט, און, גלויב מיר, עס לעבט זיך מיר בעסער אין מיין סקעלעטען וועלט.

א ל פ ר ע ד (איבערראשט): א?!

א ז ר א ע ל: צום מינדעסטען פיעל בעסער, ווי צו זעהען געזיכטער,

וועמעס מוסקולען זיינען יעדע מינוט פארטיג זיך צו פערציעהען אין א ווייי־נענדיגער פארם (ביטער) א, ווי דאס עקעלט!

אלפרעד (שפרינגט אויף): ע, צום טייפעל, דו וועסט מיך נאך אנשטעקען מיט דיין פעסימיזמוס! דאס לעבען איז דאך שעהן, איינמאל לעבט מען, און אז שוין יא לעבען, וועל איך יעדע גינסטיגע געלעגענהייט אויסנוצען צו מיין גונסטען.

אזראעל: זעהר גוט... נו... און דאן?.... (שרה, לאה און מרדכי ערשיינען. מונטער) גוטען טאג, מוהמעניו, גוטען טאג, לאה, גוטען טאג, פעטער. (גיט שרה'ן און לאה'ן די האנד) זעצט אייך, ווי מרים וועט זיך פרעהען.

שרה: וואס מאכסטו, קינד מיינס? אלץ מיט דיינע באקעס, הא?

אזראעל (גוטמוטהיג): אט, ווי איהר זעהט, מוהמעניו, אז מען ווערט עלטער, ווערט מען נארישער, האט מען זיך ליעב צו שפיעלען מיט באקעס.

מרדכי (פעררויכערענדיג א ליולקע, לאכט): הא, הא, הא, א ציעג זעהט באקעס.

אזראעל: איך וועל געהן אריינרופען מרים'ען, א, ווי זי וועט זיך פרעהען. נאר צוערשט לאמיך אייך פארשטעלען מיין טאנטע מאדאם לעוועני־זאהן, פריילין לעווענזאהן —

מרדכי (שפאסיג): איך, מרדכי טאלטשינער.

אזראעל: און דאס איז מיין פריינד אלפרעד לעווין, א מאהלער. ענטשולדיגט. (אב לינקס. אלפרעד דריקטביידע פרויען די הענד).

אלפרעד (נאך דעם ווי אלע זעצען זיך. שרה און לאה אויף דער קאַ־נאפע, מרדכי און אלפרעד אויף די ביינקלאך): אזוי, איהר זיינט אזראעל'ס מוהמע?

שרה: וואס־זשע, עס פאסט מיר ניט?

מרדכי: אודאי, ביזט דערצו ווי געבוירען געוואָרען.

אלפרעד: געוויס, געוויס. און איהר, פריילין, ליעבט איהר קונסט?

לאה: מיט מיין גאנצער זעעלע.

שרה (סודות'דיג): איהר האָט בעדארפט קענען מיין ברודער, זיין טאטען, אויך געווען א קינצלער, אָט, וואָס ער פלעגט נאָר זעהען האָט ער שוין נאָכגעמאכט, איהר ווייסט, שניצען פון האָלץ, למשל א פויגעל — איז א פויגעל, א וויגעלע, א מענש — ער האָט געהאט א פיפיגען קאָפּ (שטיל, זיפצט) און טאקע דערפאר געשטאָרבען משוגע... (אַלפרעד קוקט זי אָן ערשטוינט).

לאה (געערגערט): מאמע!

מרדכי (אויפגערעגט): א מענש זאָל האָבען א טבע צו רעדען פון טויטע, אויב שוין רעדען פון טויטע, רעד פון דיר כאָטש. (שרה קוקט איהם אָן, ציהט מיט די אקסעל).

אלפרעד (פערוואונדערט, מיט בעדויערען): אזוי, נעבעך געשטאָרבען משוגע?...

מרדכי (רויכערט, אויפגערעגט): וואָס איז דאָ צו וואונדערען זיך? א וואונדער איז וואָס מיר ווערען אַלע ניט משוגע, און אפשר זיינען מיר ווער ווייסט?

אלפרעד: מען דערקענט אז איהר זיינט אזראעל'ס א פעטער, איהר האָט ליעב צו פילאָזאָפירען.

שרה: ע, וואָס ווייסט איהר? אַן עדעלער מענש איז ער געווען, און ווי אזוי וואָלט איהר געפיהלט, ווען א פרוי, אין וועלכער עס הענגט אָפּ אייער גאנץ לעבען, זאָל אייך איבערלאָזען מיט צוויי פיצלעך קינדער און אנטלויפען? איז עפּעס א חידוש וואָס מען ווערט משוגע? (זיפצט).

מרדכי (קוקט זי אָן): טאקי עפּעס א חידוש וואָס מען קען משוגע ווערען? אי, שוועסטערקע, האָסטו א פּיסק, מנא!.... (רויכערט אויפגערעגט).

שרה (וויל עפּעס זאָגען).

לאה: מאמע! (צו אַלפרעד) ווי געפעהלען אייך אזראעל'ס ארבייטען?

אלפרעד: ער איז א גרויסער קינסטלער, אָבער אונפערשטענדליך אין אינהאַלט — מיר פערשטעהען איהם ניט...

מרדכי (איראָניש): ביי דער וועלט הייסט דאָס משוגע.

אלפרעד: ענטשולדיגט, אָריגינעל. ווי עס ווייזט אויס, האָט אַזראעל געגוג געליטען.

שרה: ע, וואָס ווייסט איהר?...

מרדכי (צו אלפרעד): טאַקע, וואָס ווייסט איהר?

(אזראעל ערשיינט מיט מרים׳ען. אב צוריק. ברענגט צוויי ביינקלאך).

שרה (לויפט איהר אַנטקעגען, אומארמט זי): וואָס מאכסטו, קינד מיינס? (קושט זי) דיך שוין א לאַנגע צייט נישט געזעהען.

מרים: איך האָב אייך שוין אויך א לאַנגע צייט ניט געזעהען... וואו איז לאה?

לאה (אומארעמט און קושט זי): אָט בין איך, מרים, וואָס מאכסטו, ווי געהט עס דיר?

מרים: אָט ווי דו זעהסט, לאה, מען באַלאַנקעט זיך ארום.

(אזראעל און אלפרעד זעצען זיך לעבען פענסטער און ריידען צווישען זיך).

לאה (זעצט מרים׳ען לעבען זיך אויף דער קאַנאַפּע, נעמטביידע הענד אין איהרע, הערצליך): זאָג נאָר, מרים, וואָלסטו מיט אונז געפאָהרען אין דאָרף? עס איז דאָרט אזוי שעהן; פון אונזער וואָינונג זעהט מען די הויכע בערג, וועלכע פערלירען זיך אין די וואָלקען, די שעהנע ווייטע פעלדער, די אור־אַלטע געדיכטע בוימער, עס איז דאָרט אזוי שעהן, אזוי גוט...

מרים (טרויריג): מיט דער נאַטור׳ס שעהנהייטען קענסטו דיך פרעהען, אָבער איך?

לאה (געערגערט פון דעם וואָס זי האָט זיך פערגעסען): די פויגעלעך שפּיעלען דאָרט אזוי הארציג, א זעלטענער קאָנצערט. די קוואַלען מורמלען אזוי ליעבליך און אָפּטמאָל דאכט זיך דיר, אז זיי דערצעהלען וואונדערבארע מעשה׳לעך... עפּעס פון אנדערע וועלטען, אלעס איז אזוי פול מיט

סודות.... און דאָן דער גערוך פון דעם פריש־געשניטענעם היי, פון די פער־שיעדענע בלומען... איאָ, מאַמעניו, דאָרט איז גוט?

שרה: יא, זעהר גוט, ס'איז זעהר גוט, מרים.

מרים: ביזט אַ גוטע, לאה, ווילסט מיך ניט לאָזען פיהלען די שטראָף פון דער נאַטור, ניט צו קענען פרעהען זיך מיט איהרע שעהנהייטען. איך דאַנק דיר (העכער) אָבער איך הער און פיהל. (אזראעל קוקט זי אָן) איינמאָל האָב איך געהערט דאָס קינדישע פליסטערען פון אַ קוואַל און איך קען דאָס קיינמאָל ניט פערגעסען. (ריידען צווישען זיך).

אזראעל (צו אַלפרעד): אָבער, אונמעגליך! וואָס רעדסטו דיר איין!...

אלפרעד: אז איך זאָג דיר —

אזראעל: אַה!

מרדכי (ווי פאר זיך): אז ער זאָגט, מסתמא ווייסט ער.

אזראעל: איהר זאָגט עפּעס, פעטער?

מרדכי: איך זאָג אז עס זיינען פאַראַן צווייערליי מענשען; איין טהייל ווייסען וואָס זיי זאָגען און דער צווייטער זאָגען וואָס זיי ווייסען.

אזראעל: זעהר גערעכט. (צו אלפרעד) נו?

אלפרעד: אויף מיין עהרענוואָרט, זי לאָזט דיך פון מויל ניט ארויס....

מרים (גיט אַ לייכטען שריי): אָ!

אזראעל (קוקט אויף מרים'ען): איבריגענס אינטערעסירט עס מיך גאַנץ ווייניג. (צו מרים) וואָס איז דיר מרים?

מרים: גאָר־ניט.... כ'האָב געמיינט דו רופסט מיך...

לאה: וואָס איז דיר, מרים?

מרים: גאָר־ניט, לאה, גאָר־ניט.... (עס קלינגט. אזראעל אב. די פרויען ריידען צווישען זיך).

אלפרעד (געהט צו מרדכי): האָט איהר ליעב קונסט?

מ ר ד כ י : יא — זי האָט אָבער מיך ניט ליעב. אנדערש וואָלט איך אזא קאריקאטור ניט ארויס. זעהט איהר, פילאָזאָפיע איז פאר מיר ווי אָנגע־מאָסטען — זי מאַכט דאָך פון אונז סיי ווי סיי קריפּעלס....

אַל פ ר ע ד : איהר שפּאַסט פון זיך?

מ ר ד כ י : אָבצולאַכען פון ז י ך איז א גרעסערע קונסט, ווי אָבצולאַ־כען פון י ע נ ע ם.

א ז ר א ע ל (קומט צוריק אויפגערעגט מיט אַ בריעף אין האַנד) : גאָט! איינפאך משוגע צו ווערען. אונמעגליך! (אַלע קוקען איהם אָן ערשראָקען).

מ ר י ם (מיט אַ ציטערדיג קול) : וואָס איז, אַזראַעל?

א ז ר א ע ל (פּאַסט זיך) : ניין, מרים, גאָר־נישט. (גיט דעם בריעף מרדכי'ן).

מ ר ד כ י (לעזט איהם שנעל דורך) : פון וואָס א מענש נעהמט זיך דאָס אזוי צום הארצען. ס'איז א נארישקייט, מרים.

ש ר ה : מיר דארפען געהן, לאה.

ל א ה (בעטראַכט אַזראַעל'ן) : איך בלייב נאָך דאָ, מאַמע, ועסט מיך קומען נעהמען.

א ז ר א ע ל : בלייבט נאָך, מוהמע, איך האָב מיט אייך עטוואָס צו ריידען.

אַל פ ר ע ד (קוקט אויפ'ן זייגער) : איך מוז שוין געהן. גוטען טאָג, אזראעל. (גיט יעדען די האַנד. אב. מרדכי הויבט זיך אויף און לאָזט זיך געהן).

א ז ר א ע ל : איהר, פעטער, בלייבט אויך דאָ. (מרדכי קוקט איהם אָן. זעצט זיך).

מ ר י ם (צו לאה) : לאָמיר אריינגעהן צו מיר אין צימער, וועלען מיר א ביסעל פּלוידערען.

ל א ה : מיט פערגעניגען. (וויל זי נעהמען ביי דער האַנד).

מ ר י ם : ניט נעטהיג. איך וויים דעם וועג. (ביידע אב).

א ז ר א ע ל (זעצט זיך לעבען שרה'ן) : איך וויים, מוהמע, אז איהר

זיינט אַן עהרליכע פרוי, איהר וועט מיר קיין ליגען ניט זאָגען. (נעמט איהר האַנד אין זיינער) זאָגט מיר, קענט איהר איינעם, אַ געוויסען מיללער, אַ תבואה־הענדלער?

ש ר ה (איבערראַשט): יא, איך קען איהם, בעסער וואָלט איך איהם ניט געקענט...

א ז ר א ע ל: אַ רייכער געשעפטסמאַן, געאַכטעט פון יעדען איינעם....

ש ר ה: זאָג מיר, איך בעט דיך... (בעגעגענט מרדכי׳ס שטרענגען בליק) נאָר.... ע.... בעסער פרעג דעם פעטער, ער קען איהם בעסער ווי איך.

מ ר ד כ י: אָ, יא, איך קען איהם גאָר גוט, אַן אנגעזעהענער מענש, האָט אַ שטאָדט אין מזרח און איז אַ בעל־צדקה, נאַטירליך וואו עס פאַסט צו געשעפט, נאָר אזוי זיינען זיי דאָך אַלע..... ער איז, אזוי ווי יעדער גביר, אַ מענש מיט אַלע מעלות.

ש ר ה (קוקט איהם אָן, ציהט מיט די אַקסעל, זיפצט). אַזוי איז, געלד מאַכט לייט.

א ז ר א ע ל: און זיין פרוי קענט איהר?

מ ר ד כ י (גיט אַ מאַך מיט דער האַנד): אַ מאָל געווען אַ שעהן מיידעל.

א ז ר א ע ל: ניין.... איך מיין...

ש ר ה (קען זיך ניט צוריקהאַלטען): וואָס דאַרפסטו דאָס אַלצדינג אַזוי נעטהיג וויסען? (אַ ביסעל ערשראָקען) וואָס־זשע, ווילסט דיך אפשר מיט זיי משדך זיין?

א ז ר א ע ל: יא. (קוקט זיי ביידע אָן).

ש ר ה (ערשראָקען): מיינסט עס ערנסט?

מ ר ד כ י: וואָס־זשע, נאָך ניט צייט, אפשר, חתונה צו האָבען?

ש ר ה (קוקט איהם אָן): וואָס איז מיט דיר, מרדכי? (צו אַזראַעל׳ן) מאַך דיך ניט נאַריש, אַזראעל.

א ז ר א ע ל: האַרץ־פראַגען הייסען ביי אייך נאַרישקייטען?

מ ר ד כ י: אויב אזוי, האַלטען מיר שוין הפנים גאַנץ ווייט.

אזראעל: אזוי דאכט מיר...

מרים (פון אינוויינינג): אזראעל!

אזראעל: איך קום, מרים (אב).

שרה: וואָס זאָגסטו דערויף, מרדכי?

מרדכי: איך זאָג, דו זאָלסט דיך ניט מישען.

שרה: ביזטו משוגע?

מרדכי: לאָז עס איבער אויף מיר, איהם טאָר מען יעצט גאָר ניט זאָגען, ער איז יעצט שרעקליך געערגערט מיט זיינע ארבייטען. לאָז איהם קודם אויספיהרען זיינס, דאַן וועט מען איהם קענען דערצעהלען דעם אמת, אָבער דערווייל מאַך דיך אז די גאנצע געשיכטע קימערט דיך גאָרניט.

שרה: וואָס הייסט עס קימערט מיך ניט?

מרדכי (אויפגערעגט): אידענע, מען טאָר איהם יעצט ניט אויפרעגען, מיר דאכט, אַז ער קומט, מאַך דיך גלייך ווי דיך קימערט גאָרניט דאָס איבריגע — (אזראעל ערשיינט. מרדכי פעררויכערט די ליולקע).

שרה (געהט צו דער טהיר, פון וועלכער אַזראַעל איז געקומען, און רופט): לאה! (לאה און מרים ערשיינען. מרים בלייך און אויפגערעגט). קום, לאה'ניו, מיר דארפען שוין פאָהרען.

לאה: מיר וועלען פאָהרען אויפדערנאכט, מאמע, איך וויל נאָך בלייבען מיט מרים'ען.

שרה: אַז דו ווילסט — איך וועל נאָך עפּעס איינקויפען, אָבער געה ניט אוועק, איך וועל דיך קומען נעהמען. (צו אזראעל'ן) אזראעל, בעגעה ניט קיין נארישקייטען.

אזראעל (לאכט): מוהמעניו, איהר זיינט אויך א מאָל אזא נארישקייט בעגאנגען. (שרה אב). נו, וואָס זאָגט איהר, פעטער?

מרדכי: אַז פון איילעניש קומט קיין גוטס ניט ארויס.

אזראעל: איך פערשטעה ניט.

מרדכי: אזוי ווי איהר בעקומט נאָר הארץ־וועהטאָג, ווערען די רעד־

לאך פון אייער מח אויסער אָרדער, איהר הערט אויף צו פערשטעהן. אָבער לויט איך פ ע ר ש ט ע ה, וואָלסטו קודם בעדארפט פארטיג ווערען מיט דיינע אייגענע זאכען, דאן דענקען פון אזא נארישקייט ווי חתונה האָבען. (לאה קוקט אָן מרדכי'ן).

מ ר י ם: דער פעטער איז גערעכט. (אזראעל קוקט זי אָן).

ל א ה: איך דענק אויך אזוי.

א ז ר א ע ל: ווארום? די מוהמע איז אויך דאגעגען, ווארום?

ל א ה: ווייל וויפיעל זי האָט דורכגעמאכט, האָסטו נאָך ניט....

מ ר ד כ י: זי איז א היבש דורכגעמאכטע, מען קען ניט זאָגען.

מ ר י ם: זי איז עלטער פון דיר, אזראעל.

א ז ר א ע ל (געהט איבער'ן צימער אויף און אב). ערפאהרונג צעהלט זיך ניט אין די יאָהרען.

מ ר י ם: אין יעצטיגען פאל אָבער....

א ז ר א ע ל: וואָס איז עפּעס דער יעצטיגער פאל?

מ ר ד כ י: וואָס פאר א פאל? וואָס רעדט איהר נארישקייטען?

מ ר י ם: יא, פעטער. (מרדכי ווערט אונרוהיג) די מוהמע רעדט פון ערפאהרונג, פון געגויעס ווילען.... (זיפצט).

א ז ר א ע ל (בלייבט שטעהן): צום ביישפיעל? (אַלע שווייגען) נו, וואָס שווייגט איהר? זיינען אלע ביישפיעלע ביי אייך אויסגעטריקענט געוואָרען?

ל א ה: אזראעל, מיין ניט, אז איך האָב עפּעס אָן אינטערעס דערביי, דו ווייסט וויפיעל איך שעץ פערזענליכע פרייהייט, עס זיינען אָבער פאראָן פעלע, ווען מען דארף האנדלען ווי מען מ ו ז, און ניט ווי מען וויל.

מ ר י ם (נעמט לאה'ס האַנד): ביזט א גוטע לאה. איך דאנק דיר.

א ז ר א ע ל: דו, מרים, האָסט אויך פאָראורטהיילע?

מ ר ד כ י (נערוועז): וואָס פאר א פערגעניגען האָט איהר, צו רעדען נארישקייטען? ווייבער! האָבען נאָר ליעב צו גראַגערן. (פעררוקט די ליולקע).

אזראעל: מרים, זי איז שעהן און ליעבענסווירדיג.

מרים. עס קען זיין. (זיפצט) איך בין דאָך בלינד. (שטיל) דער יעצטיגער פאל....

אזראעל (אויפגערעגט): וואָס איז עפּעס דער יעצטיגער פאל? איך פערשטעה אייך ניט!

מרדכי: זי מיינט, אין דיין פאל, וואו דו האָסט נאָך צו פערזאָרגען זיך אליין, זאָלסטו דאָס לאָזען אויף שפּעטער, אוויף א קורצער צייט שפּעטער....

אזראעל: און ווי וואָלט געוועזן אז איך זאָל ניט קענען לעבען אָהן איהר?

מרים: בין איך דיר ניט געטריי גענוג?

לאה: און אויב דיר איז וועניג, בלייב איך דיינע א געטרייע שוועסטער...

אזראעל: דו מיינע... א געטרייע... שוועסטער?... און וועגען דיין צוקונפט דענקסטו גאָר ניט?

לאה (קוקט איהם גלייך אין די אויגען): מיין צוקונפט? מיין צו־קונפט ענדיגט זיך דאָרט, וואו דיין גליק פאנגט זיך אָן.

מרים (גערירהרט): ביזט צו גוט, לאה.

אזראעל: פערגעס ניט, לאה, אז היינטיגע צייטען עקזיסטירען ניט קיין פלאַטאָנישע.... (לאה לאָזט אַראָב דעם קאָפּ).

מרים (פאלט איהם אין די רייד): אזראעל, שווייג בעסער.... ערגער ניט לאה'ן.

מרדכי: דאָס טענה איך דאָך, שווייגט אלע. הלואי וואָלטען אלע געשוויגען, וואָלט מען וועניגער נארישקייטען גערעדט. (רויכערט).

אזראעל: גערעכט, פעטער, שווייגען און אלעס איבערלאָזען דעם שיקזאל, דער צייט....

מרים: מען דארף אָבער פאָרזיכטיג זיין און זאָרגען אז די צייט זאָל, אויף ווי ווייט מעגליך, פאר אונז ברענגען גוטע רעזולטאטען.

אזראעל: אך, ליעבע שוועסטער, פאַרזיכטיג קען מען נאָר זיין אין מאַטעמאַטישע רעכנונגען אין צוזאמען רעכענען מען זאָל קיין פעהלער ניט מאַכען. מען קען פאַרזיכטיג זיין אין אירגענד וועלכער פּאָזיטיווער וויסענשאַפט, ווען דו ווילסט, אין אַלעם מעגליכע אויף דער וועלט קען מען פאַרזיכטיג זיין, פּרובירען פּאַראויסזעהען, נאָר ניט אין לעבען, דאָס איז אַן אונגעהייער פערפּלאָנטערטער קנויל, אַ שרעקליכער פּלאָנטער. (מרים זיפצט). דו זיפצסט, מרים? קענסטו מיר דערויף עטוואָס ענטפערען, אָדער דו, לאה? (ביידע שווייגען).

מרדכי: ביזט גערעכט, אזראעל.

אזראעל: איהר שווייגט? איך בין מיט אייך איינפערשטאַנען.

מרדכי: וואויל דעם, וועלכער קען שווייגען, אָבער וויסען וואָס צו רעדען ווען נויטהווענדיג. (מען הערט רעדען הינטער דער ביהנע).

יאָזעף (ערשיינט מיט אלפרעד. אויפ'ן שוועל פון טיהר צו אלפרעד): אי, רעד ניט קיין נאַרישקייטען.

אלפרעד: יאָ, יאָ, כ'האָב גאָר פערגעסען אז אויף נאַרישקייטען האָסטו אַ מאָנאָפּאָל.

מרדכי: איהר האָט אַ טעות, דער מאָנאָפּאָל בעלאַנגט צו די פּאַרשטעהער פון דער רעגיערונג. (אַלע לאַכען, בעגריסונגען).

יאָזעף: ענטשולדיגט, האָבען מיר אפשר געשטערט?

אזראעל: אָ, ניין (צו יאָזעפ'ן) איך וועל דיר פאָרשטעלען מיין געשוועסטערקינד און פריינדין לאה לעווענזאָהן. (דריקען זיך די הענד).

לאה: לאה איז גאַנץ גענוג.

יאָזעף: אויסגעצייכענט, אלזאָ, ווי געהט עס, פריינדין לאה? וואָס מאַכט איהר, מרים?

לאה: מיין נאָמען, לאה, מיינט שוין פריינדין אויך.

יאָזעף: נאָך בעסער. (דערזעהט מרדכי'ן) זעה נאָר, גוטען טאָג, מרדכי, ניט קיין הערר, הא?

אלפרעד: אזראעל, אמאליא ונעט דאָ באַלד זיין. (ביי דעם נאָמען ווערען אלע נערוועז, אויסער יאָזעף און אלפרעד).

אזראעל (מיט ציטערענדער שטימע): פון וואנען ווייסטו?

אלפרעד: זי האָט מיר געזאָגט.

מרים: זאָגט מיר, יאָזעף, אָבער דעם אמת, איז אייער שוועסטער שעהן? (אזראעל קוקט זי אָן).

יאָזעף: ליעבע פריינדין, ווילענדיג אָדער ניט ווילענדיג, קען איך איך גראדע יעצט דעם אמת ניט זאָגען.

אזראעל: יא, פריילין אמאליא איז שעהן.

יאָזעף (צו אזראעל): עס וועט דיר גאָר ניט איינפאלען צו וואָס זי קומט.

אזראעל: מיין איינפאל קען אפשר זיין א פאלשער.

יאָזעף: זי קומט בעוואונדערען דיין קונסט.

אזראעל: מיין קונסט? מיך אָן אטהאָם פון די יעניגע, וועלכע שאַפען די קונסט? זי קומט זעהען מיין קונסט? איז דאָס די אורזאך?

יאָזעף: וואָס פאר א דען אנדער אורזאך ווילסטו? הלמאי איך?

אזראעל: דו! דו ביזט א בעל חלום, אינטערעסירסט עס דיך, אָבער זי?...

מרדכי: וואָס איז דער אונטערשיעד? אבי זי קומט, דאָס איז דאָך די הויפט־זאך. (אַזראַעל, יאָזעף און אַלפרעד רעדען צוזאַמען).

מרים (צו לאה'ן): קום מיט מיר אין מיין צימער, ועסטו מיר עט־וואָס פאָרלעזען.

לאה: אז דו ווילסט.... אָבער גראדע יעצט פאַסט ניט.

מרים (שטיל): האָסט רעכט.... אך, ווען איך זאָל זי כאָטש קענען זעהען.... (עס קלינגט. אַלע, חוץ יאָזעף און אלפרעד ווערען נערוועז).

אזראעל (פערשווינדט פאר אַ מאָמענט. הינטער דער ביהנע): גוטען טאג, פריילין. (ערשיינט מיט אַמאַליא האַנד אין האַנד).

אמאליא (לוסטיג): גוטען טאָג, זעה נאָר, אַלע זיינען דאָ.

(אזראעל שטעלט פאַר לאה, מרים און מרדכי, אלע דריקען זיך די הענד).

אמאליא: ווי מיר האָט געקלאפּט דאָס הארץ געהענדיג אהער. דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען, אז איך בין אין א קינסטלער׳ס סטודיאָ.

(אַזראַעל, אַמאַליע, יאָזעף און אַלפרעד רעדען צווישען זיך. אַזראַעל ערקלעהרט איהר מעהרערע טהיילען פון סטאַטועז).

מרים (שטיל צו לאה): איך בעט דיך, לאה, זאָג מיר, ווי זעהט זי אויס?

לאה: שפּעטער, מרים, שפּעטער.... ניט יעצט.

מרים (נערוועז): איך וויל אָבער וויסען, איך האָב מורא.... איך וועל בלייבען אליין, אָהן אזראעל, איינע אליין.....

לאה: זי איז שעהן און וויזט אויס צו זיין זעהר א גוטהערציגע.

מרים: און אז ער וועט זיך דערוויסען (טרערען שטיקען זי) אָריי־מער אזראעל, און איך וועל בלייבען איינע אליין.... (הויבט זיך אויף) לאה, מיר איז ניט גוט! (פאלט לאה׳ן אין די ארעמס).

לאה (שרייט אויף): וואָס איז דיר, מרים?

אזראעל: וואָס איז געשעהן? מרים! שוועסטער! (צו אַלפרעד) שנעל ברענג א דאָקטאָר! (אַלפרעד לאָזט זיך געהען).

(פאָרהאַנג)

# צווייטער אקט

(די זעלבע אויסשטאַטונג ווי אין ערשטען אַקט. עלף אַזייגער פאָרמיטאַג).

מרדכי (זיצט און בעטראַכט אַ סטאַטוע, רויכערט אַ ליולקע): גאַנץ אָריגינעל, ביי זיי הייסט דאָס משוגע — און משוגע הייסט אָריגינעל, ע! אַלטעס גיב זיי, פול מיט שימעל...

מרים (אריינקומענדיג מיט לאה'ן): איך האָב מורא.... (זעצען זיך).

לאה: ביזט אַ קינד, אַזראַעל איז שטאַרק געננוג... (דערזעהט מרדכי'ן) גוט מאָרגען, פעטער.

מרים: אָ, דער פעטער איז דאָ? גוט מאָרגען.

מרדכי: יא. (רויכערט) ער איז דאָ, גוט יאָהר, וואָס האָסטו מורא, מרים?

מרים: פאַר אַזראַעל'ן, מען זאָגט, אַז....

מרדכי: אַז ער איז משוגע? (רויכערט, אויפגערעגט) אַ ליגען! ער איז אָריגינעל, זיי פערשטעהען איהם ניט.... מיט דער צייט וועלען מיר אַלע ווערען אָריגינעל....

מרים: אָבער מאַנכעס מאָל איז ער אַזוי אונפערשטענדליך, איך רייד צו איהם, ער ענטפערט מיר, אָבער זעהר זעלטען אַז איך פערשטעה איהם...

לאה: עס דאַכט זיך דיר —

מרדכי: האָב איך טאַקע מורא פאַר דיר, מרים, דו הערסט אויף צו פערשטעהען, און וואָס ווייטער וועט איהר איהם אַלץ ווייניגער פערשטעהן...

מרים: פאַר וואָס, פעטער?

מרדכי: ווייל דער גרויסער גייסט, דער זשעניע, שפּרייזט מיט ריע־

זען־שריט, און ווען ער איז שוין גאַנץ ווייט, זעהט איהר אייך אַרום, אַז איהר זיינט היינטערשטעליג מיט אַ יאהרהונדערט; ווען ער איז שוין אויף דער העכסטער שטופע פון בארג, זיינט איהר נאָך אפילו צום טהאָל ניט צוגע־קומען! (רויכערט אויפגערעגט).

מרים: איהר זיינט מיר אפשר אויך אַ ביסעל אונפערשטענדליך, אָבער איך פערשטעה אייך דאָך. אזראעל, אָבער, איז פאַר מיר אַזוי פער־וואָלקענט....

מרדכי: די שפּראַך פון די זשעניען קומט ביי אייך אויס פערוואָל־קענט, אונדייטליך... ווייל זיי רעדען צו אייך אין אַ שפּראַך, וועלכע ענט־האַלט אין זיך וואהרהייטען וואָס שפּעטערע דורות וועלען ערשט בע־גרייפען....

שרה (פון אינוויינינג): לאה!

לאה: איך קום, מאַמע.

מרים: איך געה אויך. (ביידע אב).

אלפרעד (ערשיינט): גוטען טאָג, וואו איז אזראעל?

מרדכי: איך ווייס ניט.

לאה (קומט צוריק מיט אַ בריעף אין האַנד): אַ בריעף פאַר אזראעל'ן.

אלפרעד (קוקט אָן דעם בריעף): פון דעם קונסט־מוזעאום, האָ־פענטליך פרעהליכע נייעס.

מרדכי: ווער ווייסט?

לאה: ווארום צווייפעלט איהר, פעטער?

מרדכי: איך גלויב ניט. (לאה אב).

אזראעל (ערשיינט, מונטער): גוטען טאָג, קאַמעראַדען.

אלפרעד: גוטען טאג. וויכטיגע נייעס פאַר דיר, אזראעל. (גיט איהם דעם בריעף).

אזראעל (לעזט איהם שנעל דורך): אַ קלוגער דירעקטאָר, פער־לאַנגט גאָר אַ קלייניגקייט —

מרדכי: וואָס?

אלפרעד (גלייכציייטיג): וואָס פערלאַנגט ער?

אזראעל (שפּאַסהאַפּט, ווערט אַלע מאָל ערנסטער): איך זאָל זיך ניט נאָכ־נעהמען מיין „אייגענאַרטיגער פאַנטאַסטישער אויפפאַסונג“ אין שאַפען, און נאָכגעהן דעם אויסגעטראָטענעם וועג פון דער געניאַלער גריכישער קונסט. (ביטער) דעם אויסגעטראָטענעם וועג! (וואַרפט אוועק דעם בריעף).

מרדכי: אַ גאַנץ געשייטער קערל, דער דירעקטאָר, פערלאַנגט ניט קיין איבריגעס...

אלפרעד: ער איז ניט אין גאַנצען אונגערעכט.

אזראעל: געוויס ניט, אונגערעכט איז ער נאָר אין דעם וואָס ער פערלאַנגט פון מיר.

מרדכי: זעהסט, דו פּראָטעסטירסט אומזיסט געגען דעם דירעק־טאָר פון דעם קונסט־מוזעאום. ער פערלאַנגט דאָך ווירקליך גאָר אַ קלייניג־קייט; וואַרף אַרויס דעם איך פון דיר, ווער דער אזראעל פון נעכטען און ניט דער אזראעל פון מאָרגען. (פעררוּיכערט די ליולקע).

אזראעל (לאַכט): גוט געזאָגט. זיי שרעקען זיך פאַר דעם מאָרגען.

אלפרעד: און דענקסטו, אַז טראָצענדיג יעדען וועסטו, קענסטו דיר אַ נאָמען פערשאַפען?

אזראעל (אויפגערעגט): ווער דאַרף זיי? ווער פערלאַנגט פון זיי מיר אַ נאָמען צו מאַכען? בין איך ניט קיין אמת׳ער קינסטלער, בין איך דאָך קיין נאָמען ניט ווערטה, בין איך יאָ, וועט די צוקונפט מיך בע־לוינען.

מרדכי: אמת. (רויכערט).

לאה (ערשיינט): וועסט עטוואָס עסען, אזראעל?

אזראעל (ווי אויבען): איך בין ניט הונגעריג.

לאה (קוקט איהם אָן טרויריג, לאַנגזאם אב).

אלפרעד (קוקט אויפ'ן זייגער): איך מוז שוין געהען, דורכגעהענדיג האָב איך מיך אריינגעכאַפּט זעהען וואָס איהר מאַכט. —

מרדכי: וואָס דאַרפט איהר זיך פערענטפערען? (אזראעל שמייכעלט).

אלפרעד: איך מוז נאָך געהן זעהען דעם דירעקטאָר פון דער קונסט־אויסשטעלונג. גוטען טאָג. (לאָזט זיך געהען).

אזראעל: אייל דיך, פריינד, דיין נאָמען דאַרף זיין אַ געזיכערטער (אַלפרעד קוקט איהם אָן, אב. אַזראעל זעצט זיך, בלייבט פערטראַכט).

שרה (ערשיינט, אַנגעטהאָן ווי ביי זיך אין דער היים): אזראעל!

אזראעל (גייסטעס אבוועזענד): מען האָט מיך גערופען?...

שרה: וואָס איז מיט דיר, אזראעל? כ'האָב געמיינט, אז איך וועל וואָוינען מיט דיר, ווי דו האָסט פערלאַנגט, וועסטו זיין מונטערער, צום סוף ביזטו אלץ דער אייגענער, אַ פערטראַכטער, אַ מרה שחורה'דיגער. איך פער־שטעה דיך גאָרניט. —

מרדכי: נו, יא, דו און דער דירעקטאָר פון אַ קונסט־מוזעאום פער־שטעהט איהם ביידע ניט.

שרה: מרדכי, איך בעט דיך, הער אויף מיט דיינע כחמות. דו ווייסט דאָך אויך אַ סך. פערשטעהסט דאָך אפילו ניט אַ קאַץ דעם עק צו פערבינדען.

מרדכי: זעהסטו, די אַרבייט פערשטעהסט דו אָבער גאַנץ גוט.

אזראעל: וואָס טויג אייך דאָס?

שרה: אזראעל, האָסט שוין פון נעכטען אָן ניט געגעסען.

מרים (ערשיינט, אַ ביסעל בלאַס): אזראעל....

אזראעל (לויפט איהר אַנטקעגען): ווי פיהלסטו, ליעבע שוועס־טער? (זעצט זי לעבען זיך).

מרים: אַ ביסעל בעסער. (מרדכי לאָזט זיך געהען).

אזראעל: וואו געהט איהר, פעטער?

מרדכי: איך קום באַלד צוריק. (אב).

שרה: נו, אזראעל?

מרים: וואס איז מיט דיר, אזראעל? וואס ביזטו אזוי צוטראָגען? זאָג —

אזראעל (זיפצט): וואס זאָל איך זאָגען? אז מיין שאפען טויג ניט, איבערהויפּט מיין רעדען.

שרה: איך בעט דיך, אזראעל, פון דיין טובה וועגען. געה אריין עפּעס עסען.

אזראעל (אונגעדולדיג): איך וועל באלד קומען. (שרה שאָקעלט מיט'ן קאָפּ, אב).

מרים: אזראעל... (זי וויל עטוואס זאָגען, טרערען שטיקען זי).

אזראעל: איך בעט דיך, מרים, רעג דיך ניט אויף, עס שאדט דיר. און דאן, וואס קען דיין זאָרגען דיר אָדער מיר העלפען?

מרים: איך פיהל אָבער ווי פון טאָג צו טאָג ווערסטו פאר מיר אלץ אונפערשטענדליכער, פאר מיר, פאר דיין אייגענער שוועסטער.

אזראעל (צוערשט טרויריג, דאן אויפגערעגט): אמת. ניט נאָר פאר דיר בין איך אונפערשטענדליך. זאָגאר פאר מענשען וואס וואָלטען בעדארפט זיין די ערשטע מיך צו פערשטעהען. (ווי פאר זיך) קליינע מענשעלאך! רעד צו זיי א ביסעל אנדערש ווי זיי זיינען געוואוינט, און זיי וועלען דיך אויסלאכען. (הויבט זיך אויף, געהט איבער'ן צימער). צייג זיי עטוואס נייעס, עטוואס וואס וועט ארונטעררייסען די מאסקע פון ליגען און זיי ווייזען דעם ריינעם, נאקעטען אמת, און זיי וועלען דיך פערשטיינען. גיב זיי עטוואס, וואס איז ניט נאָר פאר'ן אויג, נאָר אויך פאר'ן מארך, און זיי וועלען דיך ערקלעהרען פאר א וואהנזיניגען. ווערים! צייג זיי מענשליכעס, ווילען זיי געטער ווערען, גיב זיי געטליכעס, שרייען זיי, אז דו ביזט משוגע. מאנכעס מאָל, אין דער העכסטער פערצווייפלונג, בלייב איך שטעהען און פרעג מיך: בין איך ווירקליך משוגע, אָדער פאר דער צייט געבוירען געוואָרען? (קוקט אין דער אונענדליכקייט, שטיל) איך וויים ניט. (פויזע).

מרים (מיט א ציטערדיגער שטימע): אזראעל....

אזראעל (ווי אין א חלום): הא?...

מרים (ווי אויבען): איך בעט דיך, קום צו זיך, איך שרעק מיך....

אזראעל (הערט ניט): די ווערים! אלעס מוז ביי זיי אויסקומען ניעדריג, און די וועלט איז זייערע, זייער'ס איז אלעס, אלעס! (אויפברויזענד) ניין! א ליגען! די געטליכקייט קיינמאל ניט! דאס קענען זיי ניט בעגרייפען, ניט דערגרייכען! (שטיל) און ווען אלעס זאל פערשווינדען אין דער אונענדליכקייט... לעבען? (לאכט ביטער) הא, הא, הא.

מרים(הויבט זיך אויף, ערשראקען, שרייט אויף): אזראעל!

אזראעל: אך, שוועסטער, ווען דו זאלסט קענען זעהען.... וואלסטו, בעטראכטענדיג מיין ארבייט, מיך גוט פערשטאנען. (טרויריג, שטיל) און אפשר ניט...

מרים (פערצווייפעלט): גאט, מיין גאט!

א שטימע (פון אינוועייניג רופט): אזראעל!

אזראעל: איך קום באלד צוריק, ליעבע שוועסטער. (אב).

מרים (הויבט זיך אויף, געהט צו צו א סטאטוע, פיהרט די הענט איבער איהר געזיכט): מען מוז האבען אויגען. (פערצווייפעלט) אומזיסט.... איך וועל קיינמאל ניט בעגרייפען, גאט, פאר וואס בין איך אזוי געשטראפט?.... (בלייבט שטעהען מיט די הענד אויף דער סטאטוע, קורצע פויזע).

יאזעף (פון אינוועייניג): לאז דיר ניט איינרעדען. (מרים כאפט זיך אויף ווי פון שלאף, בלייבט שטעהען. ערשיינט מיט אזראעל): גוטען טאג, פריילין, ווי געהט עס אייך?

מרים: א ביסעל בעסער, דאנקע.

לאה (ערשיינט): אזראעל, דאס עסען ווערט קאלט.

אזראעל: איך קום באלד.

מרים: לאה, קום מיט מיר אין גארטען.

אזראעל: געה, עס וועט דיר גוט טהאן.

מרים: וועסט באלד אויף קומען?

אזראעל: יא.

(לאח און מרים אב. אַ ביסעל שפּעטער זעהט מען זיי דורכגעהען אין גאָרטען און פערשווינדען לאַנגזאם צווישען די בוימער).

יאָזעף (זעצט זיך, אזראעל אויך): ווי געהט עס דיר, אזראעל? וואָס הערט זיך נייעס אין דיין וועלטעל?

אזראעל (מיט אַ ביטערען שמייכעל): אלץ מעהר מתים קומען צו... (טרוימעריש) איך האָב מורא, אז איך וועל בלייבען איינער אליין צווישען אַ וועלט מיט מתים....

יאָזעף: די צוקונפט בעלאַנגט צו דיר, ליעבער פריינד.

אזראעל: ווי קען זיין אַ שפּעטער אָהן אַ יעצט? ווי קען זיין אַ מאָרגען אָהן אַ היינט?

יאָזעף: דיין יעצט ליגט אין שפּעטער, דעם היינט וועט דיר דער מאָרגען ברענגען. זעלטען ווען אַ קינסטלער פרעהט זיך מיט זיין געגענוואַרט — ניט ווילענדיג שאַפט ער פאַר שפּעטערע דורות.

אזראעל: זעהר אנגענעהם. ניט נעטהיג. (גייסטעסאבוועזענד) שאַפען פאַר דער צוקונפט.... די צוקונפט וועט ווערען אַ געגענוואַרט, די געגענוואַרט אַ פערגאַנגענהייט, די פערגאַנגענהייט אַ פערגעסענהייט און אלעס פערשווינדעט.... אַ סטאַטוע מיט אַ רייצענד שעהן געזיכט, פון הינטער וועלכען דער גרינזענדער סקעלעט לאַכט זיך אויס פון אלעם און אין גאַנצען.... (ביטער) טייפעל! (בלייבט אונבעוועגליך מיט וואַיט־געעפענטע אויגען) דאָס איז דער שיקזאַל... (קורצע פּויזע).

יאָזעף (וועלכער האָט איהם די גאַנצע צייט אָנגעקוקט, ערשראָקען): אזראעל, אזראעל, ניט דאָס אין דיין צוקונפט, דו קוקסט דורך אַ שוואַרצען שלייער.... דיין צוקונפט וועט זיין בעלויכטען פון די גאָלדענע שטראַהלען פון אַן אויפגעהענדער זון פון אמת'ער געטליכער קונסט...

שרה (ערשיינט): אזראעל, איך בעט דיך, קום כאָפּ עפּעס איבער; איך פערשטעה גאָר ניט ווי געהט דאָס ארום אַ מענש שוין דעם צווייטען טאָג אַ ניט־געגעסענער?

א ז ר א ע ל (וועלכער איז אַ ביסעל געקומען צו זיך): מוהמעניו, איהר זיינט דאָך אַ קלוגע, ווייסט איהר דען ניט, אַז צרות מאַכען פערגעסען צו מען לעבט אפילו?

ש ר ה: וועה איז מיר, ווי נעמט זיך דאָס אַ מענש אזוי צום הארצען? מילא, וואָס עס געשעהט, דארף מען זיך אזוי ערגערען?

א ז ר א ע ל: אַך, מוהמע, ווען איהר זאָלט פערשטעהן....

ש ר ה: רבונו של עולם, וואָס איז דאָ דאָ צו פערשטעהן? דו ווילסט עפּעס אויספּיהרען? מהיכא תיתא, אָבער אַזוי קרענקען זיך? ניט היינט, איז מאָרגען, קום שוין, קום.

א ז ר א ע ל: איהר זיינט אַ גוטע, מוהמעניו, אַ מאַמע זיינט איהר מיר, דאָך, ערגערט אייך ניט... איהר זיינט גערעכט, ניט היינט, איז מאָרגען. (ביטער) מאָרגען, מאָרגען! איך וועל באַלד אריינקומען.

ש ר ה (אָבגעהענדיג): זעה־זשע, קום באַלד. (אָב).

י אָ ז ע ף: שטער איך דיר אפשר, אזראעל?

א ז ר א ע ל: ניין, ניין, אים געגענטהייל, ליעבער פריינד.

י אָ ז ע ף: אַן אויסגעצייכענטע פרוי, די מוהמע דיינע. זי פערשטעהט ניט, אָבער ליידעט מיט מיט דיר.

א ז ר א ע ל: דער איינפאַכער מענש איז אימער עהרליכער אין זיין מיטליידען מיט'ן צווייטען ווי דער אינטעליגענט.

י אָ ז ע ף: אמת. איך געה אין גאָרטען, געהסט מיט?

מ ר ד כ י (פון אינוועניג): שרה, איך בעט דיך, נודיע ניט אויפ'ן הארץ. (ערשיינט, רויכערט).

י אָ ז ע ף (געהט איהם אַנטקעגען): ווי געהט עס, פריינד? (גיט איהם די האַנד).

מ ר ד כ י (נעהמט זי ניט): איך דארף ניט קיין האַנד, אַ הארץ! די האַנד נאָרט אָב זעהר אָפט. ווי עס געהט? גאָר קיין נייעס ניט, אַלטעס אויב איהר ווילט, פול מיט שימעל. (זעצט זיך).

א ז ר א ע ל: די מענשען שרעקען זיך פאַר נייעס.

מ ר ד כ י : עס דאכט זיך דיר. אנו גענפין נור אויס עפעס א נייעם קארטען־שפיעל, אדער אזוי עפעס א ניי דריידעל וואו ארום גרינג געלד צו מאכען, מען וועט דיך אבגילטען!

י א ז ע ף : נו, אזראעל, געהסט? האסט דאך צוגעזאגט קומען אין גארטען, קומט אויך, פעטער, ווילען מיר שעפען פרישע לופט.

מ ר ד כ י (אבגעהענדיג, גוטמוטהיג) : לופט־מענשען! (אב).

א ז ר א ע ל (אביסעל פערלעגען) : איך בלייב נאך דא, אמאליא דארף באלד קומען.

י א ז ע ף (שפאסהאפט) : גיב אכטונג, זי וועט דיר דעם קאפ פערדרעהען.

א ז ר א ע ל (קוקט איהם גוטמוטהאג אין געזיכט) : שוין צו שפעט (ביידע לאכען. י א ז ע ף אב).

(א ז ר א ע ל געהט אונרוהיג איבער'ן צימער, קוקט אלע ווילע אויפ'ן זייגער. עס קלינגט. ער געהט אב, קומט צוריק מיט א מ א ל י א.)

א ז ר א ע ל (מיט בעגייסטערונג) : דאך געקומען! (קושט איהר האנד).

א מ א ל י א (לעגט אב הוט) : אך, ווען מיינע עלטערן זאלען דאס וויסען, זיי זיינען זעהר בייז, איך קען גאר ניט בעגרייפען ווארום? (א ז ר א ע ל לאזט אראב דעם קאפ). אבער לאמיר דערפון ניט רעדען, ווילסטו ארבייטען?

א ז ר א ע ל (מונטער) : יא, אמאליא, איך וועל ארבייטען, שאפען, שאפען צוליעב דיר.

א מ א ל י א : איך האב אזוי ליעב צו זעהען ווי דו מאדעלירסט... (זעצט זיך אויף דער קאנאפע. א ז ר א ע ל נעהמט שנעל געצייג, ארבייט, קוקט זי אלע מאל אן און ארבייט אלץ מיט מעהר בעגייסטערונג).

א ז ר א ע ל (ארבייטענדיג) : ווען דו ביזט נעבען מיר שאפט זיך עפעס אזוי לייכט, דאס בלוט הויבט אן שטירמיש יאגען אין די אדערען, נעבען דיר וואלטען די ריעזיגסטע ווערק ווי א שפיעלצייג פאר מיר אויסגעזעהן.

א מ א ל י א : איך וועל אייביג זיין נעבען דיר.

א ז ר א ע ל : זעהסט, אמאליא, דאס ווערק וואס איך ארבייט איז מיין

צוקונפט־ווערק, און דאָס האָב איך דיר צו פערדאַנקען, דיר אַליין. (הערט אויף אַרבייטען, נעהמט איהר האַנד).

אמאַליא: איך דאַנק דיר. (הויבט זיך אויף, ער קוקט איהר גלייך אין געזיכט, ציהט זי לאַנגזאַם צו זיך, נעהמט זי אַרום, זי טוליעט זיך צו איהם, פליסטערט) מיין ליעבער מייסטער. (לעגט איהר קאָפּ אויף זיין ברוסט).

אזראַעל (הינגעריסען, לייזענשאַפטליך): מיין מוזע, מיין לעבען! (דריקט זי צו זיך, קושט זי אויפ'ן שטערן).

(ענדערונג).

(אַ שעהנער גאָרטען, מעהרערע אַלעען, אין פערשיעדענע ריכטונגען מעהרערע גאָרטען־בייגק. פויגעלעך זינגען).

מרים (קומט געאַרמט מיט לאה'ן, האַלט אַ בוך אין האַנד): ווי זיס די לופט איז און ווי געטליך דאָס זינגען פון די פייגעל־קאָנצערטיסטען, עס ווערט אַזוי ווייך ביים הארץ... (זעצען זיך). איך וועל דיר פאָרלעזען אַ קורץ געדיכט פון היינריך היינע. (פיהרט מיט די פינגער איבער די בלעטער, לייענט).

„דער מאַי איז שוין געקומען,
„די בלומען און בוימער בליהן,
„און דורך דאָס הימעלבלויע
„די רויזיגע וואָלקען ציהן.

„די נאַכטיגאַלען זינגען
„אַראָב פון שאָטענס בוים,
„די ווייסע לעמער שפּרינגען
„אַרום ווי אין אַ טרוים.

„איך קען ניט זינגען און שפּרינגען,
„איך ליעג, אָ, קראַנק אין גראָז;
„איך הער פון ווייטען קלינגען,
„כ'חלום, איך ווייס ניט וואָס.

(טרויעריג) ווי שעהן די פעלדער און וועלדער מוזען אויסזעהען, די גרינע לאָנקעס, די שעהנע דופטענדע בלומען פון וועלכע די דיכטער רעדען אזוי אָפט. ווי גליקליך איז דער מענש, וועלכער קען זיך פרעהען מיט דעם אָנבליק פון דער נאטור...

לאה: דער מענש מוז זיין צופריעדען, עס איז א קאפריז פון דער נאטור און מען מוז שוויינען. (רעדען צווישען זיך).

שרה (קומענדיג מיט מרדכי'ן פון רעכטס): זי איז וויעדער דאָ, אוי, אז ער וועט זיך פון זיין אונגליק דערוויסען. זיין לעבען הענגט דאָך אין גאנצען אן איהר.

מרדכי: וואָס־זשע קאן איך העלפען?

שרה: וואָלט מען איהם כאָטש דערצו פאָרבערייטעט, איך האָב געהערט אז ער וויל איהר האַנד פערלאַנגען, און אז ער וועט זיך דערוויסען.... אונגליקליך קינד. (ווישט די אויגען).

מרדכי (געריהרט): נו, נו, ערגער דיך ניט, עס וועט ניט זיין אזוי געפעהרליך ווי דו מיינסט.

שרה: ער איז דאָך עפעס די לעצטע צייט אזוי צוטראָגען און רעדט עפעס אזעלכעס.... צו זיך אליין.... מיין הארץ שרעקט מיך. געדענקסט זיין טאַטען, עליו השלום...

מרדכי: געה, געה, רעד ניט קיין נארישקייטען.

שרה: און אז זי קומט ווערט ער אזוי מונטער, אזוי ווי א קליין קינד ווערט ער, אזוי פרעהליך, אזוי לוסטיג, און אז זי געהט אוועק... אוי, גאָט!

מרדכי: קום, קום, רעד ניט קיין נארישקייטען. (געהען צו מרים און לאה. שרה זעצט זיך מיט מרדכי'ן אויף אַ באַנק געגענאיבער. רעדען צווישען זיך).

אזראעל (קומט מיט יאָזעף פון אַן אַנדער אַלעע, פאָרטזעצענדיג אַ געשפּרעך): טראָצדעם ערוואַרט איך יעדען אויגענבליק אַן ענטפער פון דער קונסט־קאָמיסיאָן, צו וועלכער איך האָב געשיקט, לויט מיין מיינונג, דאָס בעסטע וואָס איך האָב געשאַפען. זייער בעשלוס פערזיעגעלט מיין צוקונפט.

יאָזעף: און איך וואָלט קיין צוגראָכענעם גראָשען ניט געגעבען פאַר דער זאָגענאַנטער לאַיאַלער מיינונג.

אזראעל: דערווייל איז דאָס וואָרט זייערס.

יאָזעף: זאָג נור, וואו איז אמאַליא?

אזראעל: זי וועט באַלד ארויסקומען. (געהען אב רעדענדיג צווישען זיך).

שרה (שטיל צו מרדכי, ווי פאָרטזעצענדיג א געשפּרעך): וואָס הייסט איך זאָל פערשטעהען? וואָס הייסט?...

מרדכי (אונגעדולדיג): געוואַלד, נודיע מיך ניט. וואָס ווילסטו פון מיר? פערשטעה יא! ער זאָל דאָס געוואָהר ווערען וועט ער זיכער פון זינען אראָב. וואָס ווערסטו האָבען אויפגעטהאָן?

שרה (מיט ציטערנדער שטימע): רבונו של עולם, וואָס זאָל איך טהון?

מרדכי: אָנגעטראָפען דאָס פּלאַץ וואו צו פרעגען קשיות!

שרה (צו מרים און לאה): איהר וועט אפשר טרינקען טהעע? (שרה זעצט זיך נעבען מרים).

לאה: מאַמע זיי׳ץ דו דאָ, איך וועל געהן אויפשטעלען דעם סאַמאָוואַר. (אב. פון גאַנץ ווייט הערט זיך שפּיעלען אַ פליוט. די פייגעלעך זינגען אַלע וויילע).

מרים (געריהרט): איהר הערט, מוהמע, ווי הארציג דאָס קלינגט...

שרה: דעם שכן׳ס זוהן שפּיעלט.

מרים (ווי אויבען): ווי עס ציהט ביים הארץ... עפּעס בייענגט זיך נאָך עטוואָס, אונבעשטימטעס.... און עס ווילט זיך וויינען... (לעהנט אָן דעם קאָפּ אויף שרה׳ס ברוסט און וויינט שטיל)

שרה (ווישט אַ טהרער): שאַ, ליעב קינד מיינס, עס קען דיר נאָך שאַדען.

מרים (אַביסעל בערוהיגט): עס חלום׳ען זיך אַזעלכע שעהנע וועלטען, אונזיכטבארע פאַר דעם מענשליכען אויג, וועלטען וואו אַלעס גלאַנצט און בלאַנקט אין העלען זונען־שיין, כאָטש איך האָב די זון נאָך קיינמאָל ניט

געזעהען... אַ וועלט פון אייביגען פריעדען און צערטליכקייט... אַך, מוהמע, עס פיהלט זיך אַזוי גוט...

מ ר ד כ י (וועלכער האָט זיך די גאַנצע צייט צוגעהערט שטיל): אונגליקליך גליקליך קינד, בעסער וואָס דו זעהסט ניט! (געריהרט). אַ! אַ פּאַסקודנע וועלט!

י אָ ז ע ף (קומענדיג מיט אַ ז ר אַ ע ל, רעדט ערהיצט): ווי קרעפּטיג! ווי פעלזענשטאַרק! ווי רופט אויס דער דיכטער?

אהער גיב דאָס לעבען
די קראַפט און דאָס שטרעבען,
אוועק מיט די טרויריגע זאָרגען!
און דאַן וועל איך וועלטען דיר, ריעזיגע, וועבען
פון כוחות וואָס זיינען פערבאָרגען!

אזראַעל, דאָס שטרעבען פאָדערט קאַמפף!

א ז ר א ע ל: צו וואָס?

י אָ ז ע ף: די נאַטור אין איהר שטענדיגען קאַמפף פון איין עלעמענט מיט'ן צווייטען פרעגט ניט „צ ו  ו ו אָ ס?" דער קאַמפף פון מענש און נאַטור האָט איין שטרעבונג: ד י  פּ ע ר פ אָ ל ק אָ מ ע נ ה י י ט.

א ז ר א ע ל: צו וואָס? וואָס איז דער ענדציעל?

י אָ ז ע ף: געטליכע פּערפאָלקאָמענהייט! (זעצען זיך און רעדען. אַ ז ר אַ ע ל געלאַסען, י אָ ז ע ף אויפבראויזענד).

ל אה (קומט צוריק מיט אַ מ אַ ל י אַ'ן געאַרמט, צו מרים): אמאַליאַ איז געקומען.

א מ א ל י א (גיט שרה'ן די האַנד): ווי געהט עס, מאַדאַם? ווי געהט עס, מרים? (גיט איהר די האַנד).

ש ר ה (אַביסעל צומישט): גאָט צו דאַנקען... (הויבט זיך אויף).

מ ר י ם: דאַנקע, אַביסעל בעסער.

א ז ר א ע ל (דערהערענדיג אַמאַליאַ'ס שטימע): אמאַליאַ! (לויפט צו איהר, זי גיט איהם די האַנד, וועלכע ער קושט לייַדענשאַפטליך. קורצע פּויזע).

יאָזעף: מיין שוועסטער אז זי זאָגט קומען קומט זי. (אַזראַעל לאָזט לאַנגזאַם אָב איהר האַנד).

אמאליא (צו מרדכי): ווי געהט עס אייך, מרדכי?

מרדכי: זעהט איהר ווי מען געוועהנט זיך צו ניט צו זאָגען הערר? אַלעס איז נור געוואָהנהייט. מיר געהט שוין ווי איבער־א־יאָהר....

אמאליא: שטענדיג פילאָזאָפיש.

מרדכי: דאָס איז שוין אזא מין שוואכקייט, אַלע מענשען האָבען ליעב צו פילאָזאָפירען, און יעדער איז ביי זיך זיכער אז זיין פילאָזאָפיע איז די בעסטע...

אמאליא: אמת. (צו אַזראַעל) וואָס הערט זיך? שוין ערהאַלטען אַן ענטפער? (זעצט זיך צווישען אַזראַעל און יאָזעף).

אזראעל: איך ערוואַרט די ענטשיידונג יעדען אויגענבליק. (רעדען צווישען זיך).

מרים (שטיל צו לאה און שרה): איך האָב אזוי ליעב צו הערען איהר שטימע, עס ליעגט אין איהר אזוי פיעל צערטליכקייט. אך, ווען איך זאָל זי קענען זעהען! לאה, ווי זעהט זי אויס?

לאה: זי איז זעהר שעהן.

מרים (שטעלט אָן די אויגען אין אַמאַליא׳ס ריכטונג): אך, גאָט!...

לאה (בעזאָרגט): מרים! (רעדען צווישען זיך. יאָזעף זעצט זיך נעבען מרדכי׳ן, רעדט מיט איהם).

אמאליא: האָפענטליך, וועט דיין צוקונפט זיין א געזיכערטע.

אזראעל: איך בין שטענדיג אין א פערצווייפעלטער מרה־שחורה. אָבער אז דו ביזט נעבען מיר פערשווינדעט די גאַנצע טרויעריגקייט; דאָס הארץ ווערט מיר פול מיט זיסע האָפנונגען, דער קאַמפף ווערט ווידער אָב־געפרישט און די קרעפטען ריעזען־שטאַרק. (שטיל, ליידענשאַפטליך). אך, ווען דו זאָלסט אייביג זיין נעבען מיר...

אמאליא (געריהרט, שטיל): לאָמיר האָפען...

אזראעל (גליקליך): איך דאנק דיר, איך דאנק דיר... (קושט איהר האנד, וועלכע ער האלט די גאנצע צייט אין זיינער, רעדען צווישען זיך).

לאה: מיר דאכט אימיצער איז געקומען. (אב).

יאָזעף (ציינט אויף אזראעל און אמאליא): ווי גליקליך מען איז אז מען ליעבט און מען ווערט געליעבט. עס ווערט פרעהליך, ליכטיג אין יעדען ווינקעלע.

מרדכי (טרויעריג): כדי עס זאָל דערנאָך טרויעריגער און פינסטערער ווערען...

יאָזעף: איהר האָט א טעות. (רעדען צווישען זיך).

אזראעל: זיצענדיג נעבען דיר, פיהל איך אז די צוקונפט איז מיינע.

אמאליא: די האָפנונג איז די הויפטזאך ביים מענש, איבערהויפט ביים קינסטלער. (רעדען צווישען זיך).

מרים (צו שרה'ן): ווי גליקליך אזראעל דארף זיך פיהלען זיצענדיג נעבען אמאליא'ן, און אז ער וועט זיך דערוויסען ?... (וויינט שטיל).

שרה: ער איז שטארק גענוג, ער וועט דאָס אריבערטראָגען.

(לאה קומט צוריק מיט אַ בריעף, גיט איהם אַזראַעל'ן).

אזראעל (לייענט איהם שנעל דורך, שרייט אויף): אָבגעשיקט! (זיין געזיכט ווערט שטאַרק געענדערט, דער בליק צומישט) אונזער ווערק! אמאליא! (אַלע לויפען צו). אונזער ווערק! (הויבט אָן ציטערען מיט'ן גאַנצען קערפּער) געטליכקייט... קונסט.... א רייצענד געזיכט... דער סקעלעט לאכט.... מתים... מיר איז קאַלט, מרים... אמאליא... (רעדט ווייטער אונפערשטענדליכע ווערטער ביז ער ברעכט צוזאַמען).

מרים (שרייט): אזראעל! אזראעל!

פאָרהאנג.

# דריטער אַקט

(אַ רייך מעבליערט צימער ביי די מיללער׳ס. פראָנט, רעכטס, אַ דורכזיכטיגע טיהר, לינקס צוויי פענסטער. א טיהר לינקס און איינע רעכטס. צווישען דער טיהר רעכטס און פענסטער פראָנט אַ לאַנגער שפּיעגעל מיט הויכע בלומענטעפּ ביי די זייטען. צווישען שפּיעגעל און לינקע טיהר אַ פּיאַנאָ. אַ קליין טישעל אין דערמיט און פערשיעדענאַרטיגע בייזקלאך, מעהרערע בילדער פון דיכ־טער, מאהלער און ז. וו. הענגען אויף די ווענד. רעכטס אַן אויוועז, אין וועלכען פייער ברענט. דורך דער פראָנט טיהר און פענסטער זעהט מען אַ ווינטער־בילד: אַ בעשנעעטער גאָרטען, פון גאַנץ וויים בערג. עס איז פאַר־נאַכט די לעצטע שטראה־לען פון דער פערגעהענדער זון שימערען נאָך. ביים אויפגאַנג פון פאָרהאַנג זיצט אַמאַליאַ און שפּיעלט שובערט׳ס סערענאַדע „שטענדכען“, שטיל, טרוימעריש, הוסט, האַלט זיך ביים האַרץ — זעהט אוים קרענקליך. אַזראַעל שטעהט ביי דער טיהר פון דרויסען און הערט זיך צו).

אמאליא (ענדיגט, הויבט זיך אויף, וויל צוגעהן צום אויוועז, דער־זעהט אזראעל׳ן): אזראעל! (עפענט די טיהר).

אַזראַעל (ערשיינט. זעהר בלאַס, קושענדיג אַמאַליאַ׳ן אויפ׳ן שטערען): ווי געהט עס דיר, אמאליא? דיך שוין א לאַנגע צייט ניט גע־זעהען... זייט דעם לעצטען פאל... אָבער לאָמיר דאָס לאָזען... ניט רעדען דער־פון..... (לייגט אָב הוט און מאַנטעל) שפּיעל נאָך א מאָל דאָס זעלבע, ווי מערקווירדיג געוויסע מוזיק שטימט אָפּטמאָל איין מיט אונזערע געפיהלען —

אמאליא (טוליעט זיך צו איהם): איך וויל בעסער זיצען לעבען דיר (קוקט איהם אָן) ווי בלאַס דו זעהסט אוים. (אונטערדריקט אַ הוסט).

אזראעל: איך בעט דיך, שפּיעל דאָס נאָך אַ מאָל, איך וועל זיצען נעבען דיר. (אַמאַליאַ זעצט זיך נעבען דער פּיאַנאָ, אַזראָעל נעבען איהר, האַלט זי אַרום דער טאַליע און זי שפּיעלט שטיל. די לבנה געהט לאַנגזאַם אויף. זיינע אויגען זיינען ווייט אָפען. ביי די לעצטע אקאָרדען זאָגט ער):

אזראעל: ווי בלאַס, ערשראָקען די לבנה זעהט אויס... זי ציטערט פאַר קעלט... ווי אַ בית עולם זעהט אויס דער הימעל... מיט זילבערנע מצבות....

אמאליא (קוקט איהם אָן ערשראָקען): אזראעל!

אזראעל (קומענדיג צו זיך): ליעבע אמאליא, איינציגע רעטונג מיינע... (נעהמט זי אַרום דריקט זי פעסט צו זיך).

אמאליא (לעהנט אָן איהר קאָפּ אויף זיין ברוסט): ווי גליקליך איך בין....

אזראעל: אַך, ווען דאָס גאַנצע לעבען זאָל זיין אַזוי זיס, זיין נעבען דיר ,אלעס, אויסר דיך, האָב איך דאָך שוין סיי ווי סיי פערלוירען —

אמאליא: רעד ניט אַזוי... וועסט נאָך שאַפען.

אזראעל (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ): קיינמאָל ניט... אויס.... (הויבט זיך אויף) און דאָך! עס ווילט זיך שאַפען (מיט געהויבענער שטימע) עט־וואָס ערהאבענעס, געטליכעס, עס זאָל די וועלט פון קאַרליקעס אויפטרייס־לען, זיי זאָלען פּלוצים זייער קליינליכקייט דערזעהען, קונסט זאָל ווערען אויס לוקסוס, אַ מענשליכע געטליכקייט זאָל זי ווערען! (טרויריג) אָבער ניט איך.... ניין, ניט איך.... (פערדעקט דאָס געזיכט מיט די הענד)

אמאליא (הויבט זיך אויף, נעהמט איהם ארום): אזראעל, זעץ דיך נעבען מיר.

אזראעל (זעצט זיך נעבען איהר, נעהמט זי ארום): ווי קאַלט מיר איז... (טוליען זיך) וואָס פאַר אַ ליעבליכע ווארימקייט עס נעהמט ארום מיין הארץ.... אמאליא, ווען דאָס גאַנצע לעבען זאָל אַזוי זיין... אַך, ווי מיר גלוסט זיך יעצט צו שטאַרבען...

אמאליא: וואָס רעדסטו? יעצט, ווען מיר פיהלען אַזוי גליקליך?...

אזראעל: אם בעסטען צו שטארבען איז עבען דאן, ווען מען פיהלט זיך דער גליקליכסטער מענש פון דער וועלט, דאן קען מען ווירקליך זאָגען, אז מען איז געשטאָרבען א גליקליכער (פלוצים) זאָג מיר, אמאליא, ווי פערהאלטען זיך איצט דיינע עלטערן צו דיר? (קוקט זי אָן) ביזט קראנק, אמאליא. (קושט זי אויפ'ן שטערען).

אמאליא: דער פאָפּא איז שטענדיג פערטהאָן אין זיינע געשעפ־טען. די מאמא אינטערעסירט זיך מיט מיר אויף אזוי פיעל, וויפיעל עס האנדעלט זיך צו ערציהען א שעהנע כלה־מויד און א גוטע ווירטהין. ווען איך זאָג איהר, אז א פרוי דארף אין זיך ענטוויקלען אויך אנדערע אייגענ־שאפטען, לאכט זי זיך אויס אָדער ווערט בייז אויף מיר. איך דארף ניט, זאָגט זי, רעדען קיין נארישקייטען.

אזראעל: אך, ווען קינדער זאָלען קענען אויסקלויבען זייערע על־טערן, ניט עלטערן זאָלען האָבען קינדער. אמאליא, איך וועל פערלאנגען דיין האנד.

אמאליא (פרייליך): מהו דאָס. (באַפּט זיך ביים הארץ. טרויריג) איך האָב מורא —

אזראעל: פאר דיין מאמען?

אמאליא: ניין, דער פאָפּא. ער וויל איך זאָל נעהמען א רייכען, א גרויסען סוחר.

אזראעל: און דו האָסט גאָר קיין ווילען ניט?

אמאליא: אָבער דער פאָפּא איז מאנכעס מאָל שרעקליך.

אזראעל: אינטערעסירט ער זיך גאָר ניט, אויב דו ליעבסט אי־מיצען?

אמאליא: די מאמא זאָגט, אז ליעבע איז דומהייט, די מאמא האָט וואהרשיינליך קיינמאָל ניט געליעבט.

אזראעל: איך וועל אָבער דאָך פּראָבירען.... און אז ניט.... דו ליעבסט מיך דאָך, אמאליא....

א מ א ל י א: איך ווייס וואָס דו ווילסט זאָגען (טוליעט זיך צו איהם) יא, יא, איך וועל מיט דיר געהען, וואו דו ווילסט, אבי זיין נעבען דיר.

א ז ר א ע ל: ווי גוט עס איז צו קענען זאָגען: „איך בין גליקליך"! און ווארום זאָג איך עס יעצט ניט? איך ווייס ניט (פערצווייפעלט) איז דאָס וואָרט „גליק" ווירקליך אזוי פרעמד פון מיר? קען איך שוין ווירקליך קיינמאָל ניט גליקליך זיין?

א מ א ל י א: קען איך דיך ניט גליקליך מאכען? (הוסט).

א ז ר א ע ל (קוקט זי אָן): איך האָב מורא, אז מיין גליק איז דיין אונגליק... (ציטערט) אָ, ווי קאַלט מיר איז...

א מ א ל י א: קום, וועלען מיר אריינגעהען אין אַנדערן צימער, וועסט טרינקען טהעע מיט קאָניאַק, וועסטו דיך א ביסעל דערוואַרימען. (זי נעהמט מיט זיין הוט און מאַנטעל).

א ז ר א ע ל (אָבגעהענדיג מיט איהר): איך גלויב ניט, אז מיר זאָל נאָך ווען עס איז ווארים ווערען, אלעס ארום מיר איז פערפרוירען... אייביגער ווינ־טער... (ביידע אָב לינקס).

מ י ל ע ר (קומענדיג פון רעכטס מיט רעבעקאַ'ן): ווי געפעהלט זי דיר, די מויד דיינע? (מאַדאַם מילער זעצט זיך) האָט זיך איינגערעדט פויגעלאָך אין קאָפּ! ליעבע, שמיעבע, און דוקא דעם משוגענעם'ס זוהן — איבער־הויפּט, זי ווייסט אפּנים ניט...

ר ע ב ע ק א (אויפגערעגט): שווייג! אַנשטאָט איהר צו ערקלעהרען די אונמעגליכקייט פון אזא צוזאמענלעבען, האָסטו זי געוואָלט פערשלייערען מיט דעם אַלטען בחור, דעם פריינד דיינעם.... (וויינט).

מ י ל ע ר: ער האָט א סך געלד, ער וואָלט זי אָבגעגילדט. וויטער, וואָס האָב איך געקענט טהאָן? זי לאָזען הייראַטהען מיט א משוגענעם?

ר ע ב ע ק א (וויינט): אָרעם קינד מיינס, וואָס פון איהר איז געוואָ־רען?... האָסט געזעהען דעם דאָקטאָר, וואָס זאָגט ער?

מ י ל ע ר (טרויריג): וואָס זאָל ער זאָגען? עס איז פאר איהם קיין

רפואה ניטאָ. עס איז אין דער פאמיליע, און אמאַליאַ'ן זאָגט ער, דארף מען שטארק היטען.

רעבעקא (וויינט): גאָט, גאָט! וואָס האָב איך געטהאָן? (מי־לער דרעהט זיך ארום איבער'ן צימער).

יאָזעף (ערשיינט פון גאַס, בלייבט שטעהען, קוקט אָן דעם פאָטער און די מוטער): וואָס איז דאָ געשעהען? (געהט צו דער מוטער) וואָס איז דיר, מאמאַ? (רעבעקא הויבט אויף דעם קאָפּ, קוקט איהם אָן) ווי שרעקליך דו זעהסט אוים, מאמאַ, וואָס איז דאָ געשעהען? (שטרענג) פאפאַ, וואָס איז דאָ געשעהען?

מילער: דיר אויך אָבגעבען חשבון?

יאָזעף: זי איז מיין מאמע! עס איז ניט שעהן פון דיר, פאפאַ!

מילער (אויפגערעגט): א נייער מאָראל פּרעדיגער! דו ביזט דאָך אויף דעם שניצער'ס א גוטער ברודער. דו טאַנצסט איהם דאָך נאָך ווי א בער דעם ציגיינער!

יאָזעף: איך בין אויך זיינער א פריינד? געוויס בין איך, איך אויך? אָ, יעצט פערשטעה איך שוין. מאמע, ערגער דיך ניט, אמאַליא וויסט וואָס זי טהוט, ער איז א זעלטענער מענש — און דיר, פאפאַ, געפעהלט ער ניט? ער דארף דיר ניט געפעהלען. ער געפעהלט אמאַליאַ'ן, און דאָס איז גענוג, און דיר, פאפאַ, זאָג איך: ער איז איינער פון די זעלטענסטע מענ־שען, וואָס ווערען געבוירען איינמאָל אין א יאהרהונדערט. איך וואָלט מיט אַזאַ ברודער שטאָלץ געווען. (רעבעקא זיפצט). וואָס איז דיר, מאמאַ? (קוקט זי אָן ערשראָקען).

רעבעקא (ערשטיקט פון טרערען): קינד מיינס.... (הויבט זיך אויף און געהט אָב מיט יאָזעף'ן רעכטס. מילער אב פראָנט).

יאָזעף (צוריקקומענדיג): איך ווייס אסור וואָס דאָ טהוט זיך. (אב לינקס, קומט תיכף צוריק מיט אזראעל און אַמאַליא) און איהר זיינט דאָרט גע־זעסען די גאנצע צייט? (אלע זעצען זיך) ווי פּיהלסטו, אַמאַליאַ?

א מ א ל י א (מונטער): בעסער. (יאָזעף קוקט זי אָן בעקימערט)

מיר האָבען געטרונקען טהעע און געפּלוידערט.

יאָזעף: דו ביזט געווים געוועזן די פּלוידערין און אזראעל....

אזראעל (אַ ביסעל אויפגעמונטערט): און איך האָב איהר גע־ האָלפען.

יאָזעף: דאָס געפעלט מיר, און געפּלוידערט האָט איהר איבער קונסט, ליעבע...

אמאליא: גלייך ווי דו ביזט געוועזן דערביי.

אזראעל: און מיר זיינען געקומען צום בעשלוס, אז ליעבע קען ניט ערקלערט ווערען אין ווערטער, מען מוז דאָס פיהלען....

יאָזעף: אפילו היינע?

אזראעל: דיר איז אויך געלונגען איינינע שטריכען פון ליעבע אי־ בערצוגעבען, אָבער, וויפיעל מען זאָל איבער איהר ניט רעדען און אנאליזי־ רען, בלייבט נאָך אַ גרעסערע העלפט אַ געהיימניס. ליעבע דארף מען פיה־ לען און שווייגען.

אמאליא: אזראעל איז גערעכט.

יאָזעף (שמייכעלט): דאָס דארפסטו דאָך וויסען. (אַמאליע לאָזט אַרונ־ טער די אויגען. אַזראעל שמייכעלט).

יאָזעף (בעזאָרגט): די מאמע פיהלט עפּעס ניט גוט, זי איז זעהר נערוועז. —

אמאליא: זי איז אין דער היים? איך האָב גאָר ניט געהערט ווען זי איז געקומען.

יאָזעף (גוטמוטהיג): ביזט געוועזן צו פערטיעפט אין פילאָזאָפירען. (טרויעריג) ווען איך בין אריינגעקומען האָב איך געטראָפען דעם פּאפּא שרעק־ ליך אויפגערעגט און די מאמא האָט געשלוכצט.

אמאליא: אָרימע מאמא.

אזראעל: איך פערשטעה ניט ווי אַ מאַן קען האָבען דאָס הארץ צו ערגערען אַ פרוי.

יאָזעף (זיפצט): מען דאַרף עבען האָבען א האַרץ!

אמאַליא: וואו איז די מאַמא? (הויבט זיך אויף).

יאָזעף: אין איהר צימער. (אַמאַליאַ אָב רעכטס).

יאָזעף: איך קום יעצט פון דיר. (געערגערט) דו שאַפסט ניט, אזראעל!

אזראעל (ווערט צומישט): איך קען ניט... איך דאַרף ניט...

יאָזעף: דו קענסט און מוזט פּראָדוצירען.

אזראעל: צו וואָס און פאַר וועמען? ווען ניט אמאַליא וואָלט איך שוין לאַנג אויף דער וועלט ניט געווען, זי איז נאָך די איינציגע אורזאַך פון מיין מיזעראַבלען עקזיסטירען.

יאָזעף: איך קען די נאַטורען פון די קינסטלער, — וועסטו ניט שאַפען היינט, וועסטו שאַפען מאָרגען. (ווערענדיג בעגייסטערט) דו ביזט געבוי־רען געוואָרען צו שאַפען און דו וועסט דיין לעבען לאַנג ניט רוהען, מיט דער הילף פון אמאַליאַ׳ס ליעבע, וועסטו בעקומען נייע קרעפטען, נייעם ווילען, נייע שאַפונגס־קראַפט און דאַן וועסטו זיכער דיין ציעל עררייכען.

אזראעל: איך פיהל ווי אלעס שטאַרבט אָב אין מיר, אלעס אַרום מיר ווערט לעבלאָז, בלאַס... אייביגער ווינטער...

יאָזעף: און ווען דו זיצסט מיט איהר רעדסטו פון ליעבע?

אזראעל (זיין געזיכט לייטערט זיך אויף): אמת, אז זי איז נעבען מיר פיהל איך א זעלטענע וואַרימקייט, א נייעם פריהלינג דערזעה איך, אלעס הויבט אָן בליהען, א נייער מאַי...

יאָזעף (מונטער): איך האָב דיר געזאָגט, זי וועט זיין דיין לעבענס־רעטער, נעבען איהר וועסטו מוזען שאַפען. אזראעל, דער שאַפענדער גייסט קען ניט ערשטיקט ווערען, זיין ליכט וועט אייביג שיינען...

אזראעל: עס קען צושטערט ווערען, גראָבע הענד קענען צושטערען...

יאָזעף (מיט פייער): צושטערען דאָס וואָס מוז עקזיסטירען? פער־מיידען דאָס וואָס מוז נאַטירליך געשעהן? אונמעגליך! און די יעניגע וואָס פּרובירען זיך געגענשטעלען דעם ווילען פון דער נאַטור מאַכען זיך לעכערליך.

דער שאַפונגס־גייסט איז אַ וואולקאַן, און דער וואולקאַן האָט קיין ווידער־שטאַנד.

אַ ז ר אַ ע ל: היינט אויף דער נאַכט וועל איך אַמאַליאַ׳ס האַנד פערלאַנגען.

י אָ ז ע ף: זעהר גוט, אָבער רעד מיט דער מאַמאַ. (נעהמט אַרויס ציגאַ־רען) רויכערסט?

אַ ז ר אַ ע ל: יאַ.

י אָ ז ע ף (גיט איהם אַ ציגאַר. ביידע פעררויכערען).

אַ ז ר אַ ע ל: זייט מען האָט מיר מיין לעצטע ארבייט צוריקגעשיקט...

י אָ ז ע ף: רעד פון היינט, פון מאָרגען, אָבער ניט פון נעכטען. אַלץ וואָס געווען איז טויט פאַר אונז. — דער מ אָ ר ג ע ן איז פאַר אונז אַ זעלטענע ערשיינונג. ווען ניט דער מ אָ ר ג ע ן וואָלטען מיר ה י י נ ט טויט געווען.

אַ ל פ ר ע ד (ערשיינט): גוטען אָבענד קאַמעראַדען. (לעגט אָב הוט און האַנדשוה) קענסטו מיך טראַקטירען מיט אַ ציגאַר, יאָזעף? (רייבט די הענד אָ, ווי קאַלט!...

י אָ ז ע ף (גיט איהם אַ ציגאַר): פון וואַנען קומסטו, אַלפרעד?

אַ ל פ ר ע ד (פעררויכערט, זעצט זיך. צו אַזראַעל): איך קום יעצט פון דיר. (נעהמט ארויס אַ בריעף) איך האָב אַ בריעף פאַר דיר. זיי האָבען זיך דער־וואוסט אַז דו ביזט געגאַנגען אהער און מרים וויל נאָר געהן צו דיר, איך דענק אַז דיין פעטער וועט מיט איהר קומען... (אַזראַעל לייענט דעם בריעף).

י אָ ז ע ף: זעהר אַנגענעהם, מיר וועלען האָבען געסט.

אַ ז ר אַ ע ל (ענדיגט לעזען, בלייבט שטעהן צומישט): צו פיעל, צו פיעל...

י אָ ז ע ף (ערשראָקען): וואָס איז דיר, אַזראַעל?

אַ ל פ ר ע ד (דאָס זעלבע): וואָס איז געשעהן? (אַזראַעל גיט יאָזעף׳ן דעם בריעף).

יאָ ז ע ף (לעזענדיג): „האָכווירדיגער מייסטער! אייער קונסטווערק האָט מיך איבערראַשט. די קונסט־קאָמיסיאָן האָט אייך ניט פערשטאַנען. ער־

לויבט מיר אייך די האַנד צו דריקען אַלס דעם גרעסטען מייסטער פון דער מאָדערנער סקולפּטור, און אייך בעגריסען אַלס דעם גרינדער פון אַ נייער עפּאָכע אין דער קונסט. ערלויבט מיר, ווייטער, אייך צו אָפּעריר׳ען די אונבע־דייטענדע סומע פון פינף טויזענד פונט פאַר אייער ווערק, מיך גליקליך שעצענ־דיג עס צו בעזיצען אין מיין מוזעאום.

„אייער ערגעבענסטער, ריטשאַרדס, לאָרד פון קענטערבורי."

יאָזעף (בעגייסטערט): צייט, ווי וואונדערבאַר דו ביזט! (דריקט אַזי־ראַעל׳ן די האַנד) זיי גליקליך! (טרעהרען שטיקען איהם. דריקט איהם צו זיך).

אַלפרעד (דריקט איהם די האַנד): זיי געגריסט צום זיעג, ליעבער פריינד.

אזראַעל: צופיעל גליק, צופיעל גליק.

אַלפרעד: אָ, ווי מרים וועט זיך פרעהען.

יאָזעף (מונטער): אָ, ווי זיי וועלען זיך פרעהען!

אַלפרעד: מרים וויל זיין לעבען דיר, אזראַעל —

אזראַעל (גערירט): געטרייע נשמה...

יאָזעף: זעלטען צו טרעפען אַזעלכע געטרייע מענשען ווי דיין פאַמי־ליע. (אַמאַליאַ ערשיינט מיט איהר מוטער).

אזראַעל (הויבט זיך שנעל אויף): גוטען אבענד, מאַדאַם.

רעבעקאַ (שטאַרק ערשראָקען. בעהערשט זיך): גוטען אבענד, אַ גאַסט. (צווינגט זיך צו שמייכלען. דרעהט שנעל אַוועק דעם קאָפּ, זעצט זיך אין אַ זייט, קוקט איהם אַלע מאָל אָן).

אַמאַליאַ: ווירקליך אַ גאַסט, מאַמאַ.

יאָזעף: דער פּאַפּאַ, ווייס איך ניט, אָבער דו, מאַמאַ, ביזט זיכער צופריעדען מיט אזא גאַסט.

רעבעקאַ (בעהערשט): געוויס, צופריעדען.... (זיפצט).

אַמאַליאַ: דער קאָפּ טהוט דיר נאָך אַלץ וועה, מאַמאַ?

רעבעקאַ: איך פיהל אַ ביסעל בעסער. (קוקט אויף אַזראַעל. הויבט זיך אויף, זעצט זיך לעבען פענסטער).

מ י ל ע ר (קומט פון גאַס, טהוט אויס די אויבערקליידער) : אָ, ווי קאַלט! (רייבט די הענד, געהט צו רעבעקאַ) ווי פיהלסטו? (בלייבט פּלוצים שטעהן און קוקט אָן אַזראַעל׳ן).

י אָ ז ע ף : פּאַפּאַ, איך וועל דיר פאָרשטעלען מיין פריינד אַזראַעל, איינער פון די גרעסטע קינסטלער אין לאַנד און אַנערקענטער מייסטער פון א נייער שולע אין דער קונסט. (מילער גיט איהם די האַנד) אַמאַליא, אונזער פריינד האָט געזיעגט! זיין ווערק פערקויפט פאַר פינף טויזענד פונט, און דער קויפער איז דער וועלט־בעריהמטער קונסט־זאַמלער, לאָרד ריטשאַרדס פון קענטערבורי.

אַ מ אַ ל י אַ (גיט אַזראַעל׳ן די האַנד) : איך גראַטולירע דיך צו דיין שווער פערדיענטען זיעג. (בלייבען אַ קורצע צייט האַנד אין האַנד. כאַפּט זיך ביים האַרץ).

ר ע ב ע ק אַ (לויפט צו צו איהר) : וואָס איז מיין קינד? (זעצט זי לעבען זיך, נעהמט זי אַרום).

אַ מ אַ ל י אַ : מיר איז שוין בעסער, מאַמאַ.

י אָ ז ע ף : זעץ דיך, פּאַפּאַ, מיין פריינד וויל רעדען עטוואָס ערנסטעס מיט דיר און מאַמאַ. (רעבעקאַ קוקט זיך אום שרעקליך ערשראָקען).

מ י ל ע ר (איבעראַשט) : מיט מיר און מיט דער מאַמאַ?...

י אָ ז ע ף : יאַ, עטוואָס זעהר ערנסטעס.

(מילער און רעבעקאַ קוקען איהם אָן ערשראָקען).

אַ ז ר אַ ע ל : היינטיגע צייטען איז איינגעפיהרט אַז ווען צוויי יונגע מענשען ווילען ווערען לעבענס־בעגלייטער, (מילער קוקט איהם אָן שטאַרק ערשראָקען און רעבעקאַ גיט אַן ערשטיקטען שריי אויף. נעהמט פעסט אַרום אַמאַליאַ) מוזען זיי זיך קודם אָנפרעגען ביי די יעניגע צו וועלכע זיי געהערען, איבער־הויפּט ווען עס איז די רעדע פון אַ טאָכטער. הערר און מאַדאַם מילער, איך פערלאַנג אייער טאָכטער׳ס האַנד.

(מילער קוקט איהם אָן ערשטאַרט, רעבעקאַ וויינט שטיל).

אַ מ אַ ל י אַ (נעהמט אַרום די מאַמע) : וויין ניט, ליעבע מאַמע, איינמאָל

וועלען מיר זיך דאָך מוזען שיידען. (עס הערשט פאָלקאָמענע שטילקייט, אלע מאָל איבערגעריסען פון רעבעקאַ'ס אַ שטילען זיפץ).

א ז ר א ע ל (פאָרטזעצענדיג): איך זעה, הערר מילער, איהר זייט זעהר איבערראשט, אָבער זייט רוהיג, איך בין ניט געקומען אוועקנעהמען אייער טאָכטער אָהן אייער ווילען. איך האָף אז איהר וועט פערשטעהן, אז עס איז דאָ גענוג גרונד איהר זאָלט מיר געבען איהר האנד.

מ י ל ע ר (קומענדיג אַביסעל צו זיך): אָבער הערר...

א ז ר א ע ל: זייט רוהיג, מיין ליעבער הערר, אזעלכע זאכען, ווי דאָס צושיידען זיך פון קינדער מיט עלטערען, געשעהען זעהר אָפט.

ר ע ב ע ק א (רופט אויס אין דער גרעסטער פערצווייפלונג): אָ, גאָט! מיין קינד!

י אָ ז ע ף (לויפט צו צו איהר): וואָס איז דיר, מאמא?

מ י ל ע ר: אונמעגליך, מיין הערר. — (אַלע קוקען איהם אָן געשפּאַנט).

א ז ר א ע ל (ווערט בלאַס, מורמעלט): ווארום?...

מ י ל ע ר (קוים אַרויסרעדענדיג): פאַסט מוטה, יונגער מאַן — איך מוז אייך זאָגען דאָס, וואָס מען האָט די גאַנצע צייט פאר אייך בעהאַלטען: אייער טאַטע איז געשטאָרבען פון א מין קראנקהייט... און איהר, מיין הערר... איהר האָט... גע'ירשנ'ט... (קוים הערבאַר) אונמעגליך.

א מ א ל י א (שרייט אויף): אָ! (כאַפּט זיך ביים האַרץ, פאַלט אָהנמעכטיג דער מוטער אין די אָרעמס).

ר ע ב ע ק א (שרייט ווילד): מיין קינד!

א מ א ל י א (שטיל): אזראַעל! (ער געהט צו צו איהר ווי אין א חלום) קוש מיך, מיין האַרץ...

א ז ר א ע ל (זיין געזיכט איז אין גאַנצען געענדערט. פערצווייפעלט): אמאַליא! (פויזע. אַלפרעד און יאָזעף לעגען אַמאַליאַ'ן אויף דער קאַנאַפּע).

מ י ל ע ר: איך געה ברענגען דעם דאָקטאָר. (אָב פראָנט).

א ז ר א ע ל (מורמעלט): ווארום לאָזט איהר אונז ניט רוהען דאָרט,

וואו מיר זיינען קיינמאָל ניט געווען ? (שרייט) עלטערן ! וואָס פאַר אַן עקעל־האפט וואָרט !

מ ר י ם (ערשיינט מיט מרדכי) : אַזראַעל ! (שטרעקט אויס די הענד).

א ז ר א ע ל (לויפט איהר ענטקעגען) : מרים ! אוים, ניטאַ אמאַליא ! (מרים בעהאַלט איהר געזיכט אויף זיין ברוסט, שלוכצט. מאַכט זיך לאַנגזאַם לויז, געהט צו צו רעבעקאַ שרייט) מאַמאַ, לאָמיך דיין האַרץ זעהן ! (רייסט אויף איהר בלוזע) איך וויל דיין האַרץ אַרויסרייסען, און זעהן ווי אַ מאַמע׳ס האַרץ זעהט אוים ! האָסט דיין קינד ערמאָרדעט ! (יאָזעף און אלפרעד לויפען, צו, נעה־מען איהם אַרום).

א מ א ל י א (קוים הערבאַר) : אַזראַעל.

א ז ר א ע ל (שטעהט אַ מאָמענט) : אמאַליא ! (ברעכט אויס אין אַ מורא׳־דיגען ווילדען געלעכטער, לויפט אָב פראָנט. אַלפרעד און יאָזעף נאָך איהם).

מ ר י ם (שטרעקט אויס די הענד, שרייט) : אַזראַעל, אַזראַעל ! (מרדכי נעהמט זי אַרום. הינטער דער ביהנע הערט מען פון ווייטען אַזראַעל׳ס געלעכטער).

(פ אָ ר ה אַ נ ג.)

# עפּילאָג.

(דאָס זעלבע צימער ווי אין ערשטען אַקט. אָהן אויסשטאַטונג. אַ בעטעל, אַ בײנקעל, אַ נאַכט־קעסטעל און אַן אויסגעלאָשען ליכט. אין ווינקעל, רעכטס, שטעהט אַן אײנגע־וויקעלטע סטאַטוע. ווינטער. אין גאָרטען זײנען די בוימער שיטער. פון וויטען זעהט מען שנעע־בעדעקטע בערג, וועלכע פערלירען זיך אין דער ווייטקייט. פאַרטאָג. די לבנה שײנט בלאַס. אזראַעל שטאַרק בלאַס, די האָר צעשויבערט, אין אַ ווייסען כאַלאַט אײנגעהילט, זיצט אויפ'ן בעטעל).

אזראַעל (קוקט מיט אַ פערווירטען בליק אין דער אונענדליכקייט): אַלעס איז ווייס... פערפרוירען.... קאַלט. (ציטערט) וועט די זון קײנמאָל ניט אויפגעהן ?... (הערט זיך צו ווי אימיצער וואָלט גערעדט) קײנמאָל ניט ? קײנמאָל ניט !... אַלעס שטאַרבט אָב... (הויבט זיך אויף) אוים מיט דעם פּינטעלע וואָס שוועבט אין וועלטרוים.... עס פערשווינדעט... (קורצע פּויזע) שטיל... מען הערט קיין קרעכצען מעהר... אַלעס אין אונז איז טויט... (קורצע פּויזע. שרייט פּלוצים אויף מיט אַ וויינענדער שטימע) שוועסטער ! מרים ! אמאַליא ! וואו זייט איהר ? איהר האָט מיך איבערגעלאָזען אַליין ?... און מיינע סטאַטוען ווילט איהר ניט ? געפעלען אייך ניט ? איך בין משוגע. (מיט געהויבענער שטימע) איהר זייט משוגע ! ווער דאַרף אייך ? ! ווער זוכט אייך צו געפעלען ? ווערים ! אַזוי ווי ווערים אויף אַ קערפּער קריכען זיי אַרום און פערשמוצען אַלעס. (מאַכט אַ נערוועזע בעוועגונג מיט'ן קערפּער) פּואַ! (קורצע פּויזע) וואָס האָט מען צו אונז? וואַרום לאָזט מען אונז ניט רוהען דאָרט, וואו מיר זיינען אייביג גליקליך ?

רייסט מען אונז ארויס פון דער אונענדליכקייט פון דעם י ע נ ז י י ט, אום אונז צו קוועלען און וויעדער צו פערניכטען ?.... צו וואָס ?.... (די אויגען וויט אָפען געגען דער לבנה) ששששש... די מתים קריכען ארויס פון זייערע קברים און, איינגעהילעט אין זייערע זילבער־קליידער, טאנצען זיי דעם כשוף־טאנץ... (מיט שטאַרקער שטימע) העי, דאָרט, איהר הערט ? איך בין א ז ר א ע ל ! די צ ו ק ו נ פ ט ! לאַכט מיט אייערע גרינזענדע מיילער וויפיעל איהר ווילט, פאר דער צוקונפט וועט איהר מוזען אייערע קעפּ בויגען, אָדער פערשווינדען!... (כאַפּט זיך ביים קאָפּ) אָ, ווי עס גרילצט און קוויטשעט ! שרעקליכע קולות ! אונגליקליך ליידענדע מענשהייט הער אויף קלאָגען, שטילט איין, מאַמעס, די קינדער ביי אייער אויסגעטריקענטער ברוסט, האָט נאָך א ביסעלע געדולד, נאָר א וויילינקע. ז י י ע ר אונטערגאַנג איז זיכער. באלד וועט א העלער טאָג לייכטען פאַר אונז אַלע, און מיר וועלען זיך פרעהען. (די טהיר עפענט זיך און מרים ערשיינט. בלייבט שטעהן און רעדט אַרויס שטיל).

מ ר י ם : בלייב דאָ, לאה. (מאַכט צו די טהיר און הערט וואָס אַזראַעל רעדט).

א ז ר א ע ל (נאָך אַ קורצער פּויזע) : און ווען איך וועל קומען אין די עליזעען פעלדער, ביים פּאַרנאַס, און די מוזען וועלען מיך פרעגען וואָס איך האָב אויפגעטהאָן, וועל איך פאַר זיי אויף די קניע פאַלען (טהוט דאָס) : הייליגע געטינען, פאַר וואָס האָט איהר מיך אויסגעקליבען פאַר דעם אונגליקליכען צווישען די ברואים, וואָס רופען זיך מענשען, אייערע שעהנהייטען צו פערשפּרייטען ? א מלאך איהר זאָלט געוועזען שיקען, און זיי וואָלטען איהם פערשטיינט (שפּרינגט אויף און שרייט אויס ווילד) ניט ה י י נ ט, איז מ אָ ר ג ע ן ! פערשעהמטע, מיט די קעפּ געבויגען צו דער ערד, וועט איהר, קליינע מענשעלאַך, זיך בוקען פאַר דער אַלמעכטיגער קונסט, איהר וועט מ ו ז ע ן ! אן אונבעגרייפבאַרע קראַפט וועט אייך צווינגען !

מ ר י ם (שטיל) : אַזראַעל.

א זר א ע ל (קוקט זי ניט אָן) : ווי מעלאָדיש דיין שטימע קלינגט ! קום

צו מיר, נעהם מיך ארום. (מרים געהט צו נעהמט איהם ארום) ווי גוט מיר איז, ווי שעהן דו זעהסט אויס, קום צו מיר, שטייג ארונטער פון דיין ווייסען טהראָן, אמאליא, ווי גליקליך איך בין! (נעהמט איהר קאָפּ אין די הענד, הויבט איהם לאנגזאם אויף, קוקט זי אָן) מרים!

מ ר י ם (ערשטיקט פון טרעהרען): אזראעל...

א ז ר א ע ל (מיט אַ שמערצפאָלען אויסדרוק אויפ'ן געזיכט): וויין, ליעבע שוועסטער, טרעהרען זיינען גוט, איך קאָן ניט וויינען, אין מיר איז אַלעס אויס־געטריקענט, וויסט און לעער... (לאָזט זי אָב. מרים שלוכצט שטיל. צייגט אויף דער בעהאַלטענער סטאַטוע אין ווינקעל. זיין געזיכט נעהמט אָן דעם פאָריגען אויסדרוק) זעה, דאָרט אין ווינקעל שטעהט דאָס גרעסטע, דאָס געטליכסטע ווערק וואָס אַ מענש האָט געשאַפען. די געטער אַליין האָבען מיר געהאָלפען, זאָלסט דאָס אוועקשטעלען פאַר דער וועלט און אויסרופען: ד אָ ס א י ז א י י ע ר ג אָ ט! (לאַכט ביטער) האַ, האַ, האַ, גאָט, געטער, מיין הימעל איז אָהן געטער, אָהן מלאכים... וויסט און לעער... (קורצע פויזע. עס הויבט אָן טאָגען. די קרעפטען הויבען איהם אָן פערלאָזען) שששש.... אַ נייער טאָג קומט.... די מלאכים זינגען שירה... בעגריסען אַ נייע צייט.. אַ נייע וועלט... אָ, גליקזעליג־קייט! (מיט שוואַכער, געהויבענער שטימע) ליידענדע נשמות, איהר ווערט ערלעזט! (הערט זיך צו) הערט איהר די טראָמפּעטען שאַלען? זיסע מעלאָדיע... (כאַפּט זיך ביים קאָפּ) שטילט אייך איין ווילדע קולות!.... (ווערט ווילד) אוועק, אוועק ווילדער סקעלעט, רייס ניט מיין געהירען, קוועטש ניט מיין הארץ... (עס ווערט ליכטיגער און ליכטיגער) זעה, זעה, מיין ארבייט ווערט לעבעדיג, ריהרט זיך, בלוט פליסט אין די אָדערן, זי הויבט אָן שוועבען.... שוועבט צום הימעל... צייט! האלט איין! ניין, ניין, קום שנעלער! (די פיס האַלטען איהם מעהר ניט, ער פאַלט) די פערגאנגענהייט פערשווינדעט... די צוקונפט געהט אויף. (די זון געהט אויף, די קרעפטען פערלאָזען איהם) מענשען... וועלען געטער... ווערען... דאָס אַלטע וועט פערשווינדען... (אַ זון־שטראַהל בעלייכטעט זיין געזיכט) די זון! לאָמיך... איין... בליק טהאָן... איין בליק... (מיט די לעצטע קרעפטען)

די זון... די צוקונפט... די זון... (אונפערשטענדליך, קוים הערבאַר) איין בליק... די זון... די צוקונפט... (געהט אויס. די זון אין פולען גלאַנץ בעלייכטעט איהם).

מ ר י ם (נאָך אַ קורצער פויזע רופט שטיל) : אַזראַעל, אַזראַעל....

(פ אָ ר ה אַ נ ג).

